דיא

# סֶדֶר נַאכְט

א לעבענסבילד אין 4 אקטען און 12 בילדער

פון

יאזעף לאטיינער

מוזיק פאן פריסעל

פערלאג פאן

אמקרויט עט פריינד, בוכהאנדלונג, פשעמישל.

1908



„ДИ СЕЙДЕРЬНАХТЪ".
Издательство Амкравта и Фрейнда въ Перемишлю (Австрія).
Типографія С. Л. Дейтшера, Подгурже-Краковъ.

## פערזאנען:

זַלְמָן קָאהן, איין עהרווירדיגער גרייז

דָוִד קָאהן, זיין ברודער

מִרְיָם, זיינע פרוי

רַאשָעל, זיינע טאכטער

מֵאִיר דְרֵייעֶר, איין שדכן

טוֹדְרִים בִיק

ר' גֶעצִיל, א שמש

קַארְל רִיזָוַאן

דוּמִיטְרִיע רִיזָוַאן, זיין ברודער

קַאטִינְקַא

וַואסִילֶע טַאלְהַאר, איין קוטשער

אֵיין אוּנְטֶערְזוּכוּנְגְם רִיכְטֶער

פְּרֶעפֶעקְט

דיא געשיכטע האנדעלט זיך אין גאלאטץ אין דער מאלדוויא אים יאהרע 1859.





# ערשטער אקט.

(ביי דוד אין הויז)

שעהן מעבליערט, פערשיעדענע בילדער אויף די ווענד, שטיעלע, טיש, פיאנא, ביים אויפגעהן דעם פארהאנגס זעהט מען פערשיעדענע יונגע מענער אונד מעדכען אנשטענדיג געקליידעט, מאנכע זיטצען און פלוידערן, מאנכע שטעהען אין פערשיעדענע גאסען, איינער זיצט ביים פיאנא און מאכט פאשאזשען אלע האלטען בלעטער נאטען אין די הענד און קאנוועזירען.

**קארל:** (פון דרויסען) וואלען זיא זיך גיטינגס בעמיהען פרייליין ראשעל, דיא הערשאפטען ווארטען אויף אונז.

**ראשעל:** איך בין שאהן פערטיג, הערר ריזוואן קאמען זיא נעפעלינגס.

(קארל און ראשעל ערשיינען מיט א דיריגיר שטאק).

**אלע:** גוטען טאג הערר ריזוואן, גוטען טאג פרייליין ראשעל.

**קארל:** נון מיינע הערשאפטען האפענטליך האבט איהר פלייסיג שטודיערט ניכט פערגעסען דאס קאנצערט וועלכעס מארגען שטאטפינדעט איזט פיר איינען וואהלטעטיגען צוועק, אונד פיר זא איינעם עלעגאנטען פובליקום וויא וויר ערווארטען דארפען וויר אונז ניכט בלאמירען.

**ראשעל:** (נעבען קארל ליעבפאל אנבליקענד) ווען הערר ריזוואן איזט זעלבסט דער דיריגענט מוזען וויר בייפאל האבען, ניכט וואהר מיינע הערר־שאפטען.

**אלע:** יא יא יא.

**קארל:** אלזא ביטע געפעליגסט, עס איזט יעצט דיא לעצטע פראבע.

(דוד, מרים, מאיר דרייער בלייבען ביי דער טהיר לוישענד און נישט שטעהרען, מאיר דרייער איז ענטציגט פון דער מוזיק, פאנגט אן שטילערהייט נאבצווינגען, דוד הייסט איהם שטילשווייגען ביז עס ענדיגט).

**דוד:** בראווא בראווא הערר ריזוואן, אבער דארף איך בעטען דיא פראבע פיר איינע קורצע ווייל צו אונטערברעכען. דיא הערשאפטען ווערדען פיר דער האנד עטוואס געניעסען, ביטע דארט היניין.

**אלע:** דַאנְקֶע הֶערְר קָאהְן (קָאהר אַב).

**מאיר:** (צו דוד'ן) אַ דָאס אִיז דֶער מַאכֶער אַלֵיין,

**דוד:** דָאס אִיז עֶר (פָארשטעלענד) הֶערְר קַארְל רִיזְוַאן.

(קארל רייכט מאיר'ן די האנד).

**מאיר:** (שטעלט זיך אליין פאָר) מֵאִיר דְרַייעֶר דֶער וַוייסֶער שַׁדְכָן פָאן דֶער רוֹיטֶער בְּרִיק. (אלע לאכען).

**מרים:** בִּיטֶע הֶערְר רִיזְוַאן, עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט דִי אוּנְטֶערְבְּרֶעכוּנְג וִויר הָאבֶּען אֵיינֶען וֶעהְר טֵייעֶרֶען גַאסְט בֶּעקָאמֶען.

**ראשעל:** אֵיינֶען גַאסְט מוּטֶער? וֶוער אִיז עֶר?

**דוד:** גֶעה נוּר הִין, עֶס וִוירְד דִיךְ אַנְגֶענֶעהְם אִיבֶּערַאשֶׁען, מֵיין קִינְד.

**ראשעל:** אָה וִויא נֵייגֶעריג דוּא מַאכְסְט מִיךְ, דַארְף אִיךְ בֶּעטֶען הֶערְר רִיזְוַואן (ביידע געארמט אב, דוד, מרים, מאיר זעצען זיך).

**מאיר:** הַכְּלַל ר' דָוִד, וַואסְזָשֶׁע זָאגְט אִיהְר צוּ דֶעם שִׁידוּךְ וָואס אִיךְ הָא[ב] אַייךְ אָנְגֶעגֶעבֶּען.

**דוד:** אַךְ, לָאזְט מִיךְ צוּ פְרִיעדֶען מִיט אֵייעֶרֶע שִׁידוּכִים ר' מֵאִיר (לאכט) אִיךְ גֶעדֶענְק אַייךְ נָאךְ פוּן וַוארְשׁוֹי, אַז אִיהְר קֶענְט צוּזַאמֶענְפִיהְרֶען שֶׁקֶר מִיט שְׁלִימַזְל.

**מאיר:** אָבֶּער ר' דָוִד, פֶּערְקוֹיף אִיךְ אַייךְ דֶען אַ קַאטְץ אִין אַ זַאק, קוּקְט אִיהְם פְרִיעֶר אָן. וָואס אַרְט אַייךְ אַז אִיהְר וֶועט אִיהְם אָנְקוּקֶען, פַאר אָנְקוּקֶען פֶערְלַאנְג אִיךְ קֵיין גֶעלְד.

**דוד:** (לאכט) נֵיין?... אַ דַאנְק פַאר דֶער טוֹבָה, דָאךְ זָאגְט מִיר אִיהְר וֶוענְט עֶרְשְׁט עֶטְלִיכֶע טֶעג דָא אִין גַאלַאטְץ וואו הָאט אִיהְר שׁוֹין אַזוֹי גִיעךְ אָנְגֶעצַאפְּט אַ חָתָן פַאר מֵיין קִינְד?

**מאיר:** חָלִילָה, נִישְׁט דָא הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעפוּנֶען. פְּלוּצִים וֶועל אִיךְ אֵייךְ גֶעבֶּען אַ יוּנְגֶען מַאן פוּן דַאנֶען? אִיז דֶען דָא אִין גַאלַאטְץ אַ רֶעכְטֶער יוּנְגֶער מַאן? נֵיין ר' דָוִד פַאר אַזַא גְבִיר וִויא אִיהְר וֶוענְט, הָאבּ אִיךְ גֶעבְּרַאכְט אוּמְפָּארְטִירְטֶע סְחוֹרָה.

**דוד:** (לאכט) אוּמְפָּארְטִירְט? פוּן וֶועלְכֶער פַאבְּרִיק?

**מאיר:** פוּן דֶער רוֹיטֶער בְּרִיק! עֶר אִיז אוֹיךְ פוּן אֵייעֶר ...וּרְטְשְׁטַאדְט פוּן וַוארְשׁוֹי, אוּן אִיז גְרַאדֶע אַצִינְד דָא הִיעֶר, אִיז מִיר דֶער שִׁידוּךְ אֵיינְגֶעפַאלֶען.

**דוד:** װער איז ער? װער זענען זײנע עלטערן? קען איך זײ?

**מאיר:** איהר מוזט זײ אַ װדאַי קענען, דעם פאטער רופט מען גדליה פעמפע און די מוטער ציפּרה שופער.

**דוד:** װער זאגט איהר?

**מאיר:** דאס הײסט אַזױ רופט מען זײ ס'איז נור אַ צונאמען, אָבער אויף דעם אמת'ן נאמען הײסט ער גדליה ביק, און דעם זיהן רופט מען טאדרעס ביק. צעהן טױזענד רענדליך קען ער אייך שױן אָבצעהלען אויף דעם טיש מזומן.

**דוד:** (נישט הערענדיג) זעהט נור זעהט די פרײדיגע איבעראשונג פון מײן קינד. (מרים אב).

**מאיר:** װאס'זשע װײזט זיא דען נישט אַז אײער עלטער ברודער ר' זלמן איז הײנט אַ הער אנגעקומען?

**דוד:** נײן, איך האב זיא געװאלט מיט דעם ליעבען נאמט איבעראשען.

**מאיר:** װאס הײסט איבעראשען?

**דוד:** אין מײן ברודערס הױז האט זיא איהרע גאנצע קינדהײט פערבראכט ער איז געװעזען איהר ערציהער און נאך מעהר אלס פאטער און דער אנקעל איז איהר דאס ליעבסטע און הײליגסטע אויף דער װעלט.

**מאיר:** זײט מיר מוחל, איך פערשטעה ניט אַז איהר טאטע מאמע לעבען ביז הונדערט און צװאנציג יאהר, װאו קומט זי דען צו אײער ברודער אין הויז?

**דוד:** אַך דאס איז אײנע טרױריגע ערינערונג, געדענקט איהר פאר אַ יאהר צװאנציג דעם שרעקליכען איבערפאל איבער יודען?

**מאיר:** צו איך געדענק נאך יענעם בלוטיגען פּסח, װען איך האב יעדע מינוט געזעהן דעם טױדט פאר די אױגען, און מײן װײב נעביך גראדע דאמאלס איז איהר אנגעקומען צו ליגען אין קימפּעט, אױ, דערמאנט מיך גאר נישט יענעם טאג.

**דוד:** אָבער מײן ברודער קען יענעם טאג ניע פערגעסען, נור אײן קינד האט ער פערמאגט.

**מאיר:** האבען עס די רוצחים אַװדאַי דערהרגעט?

**דוד:** װאלט ער עס געװעהן געזעהן טױדט, איהר קענט דאך מײן ברודער.

**מאיר:** וָואס פַאר אַ יְרֵא שָׁמַיִם עֶר אִיז, אוֹי נִישְׁט דָא אַזוֹינֶע יוּדֶען ווִי ר׳ זַלְמָנָה.

**דוד:** און אַזַא מַאן וויא עֶר, ווִיא גְרוֹיס נָאךְ דֶער שְׁמֶערְץ איז מוּז זִיךְ מִיט דֶער צַייט דָאךְ טְרֵייסְטֶען און זָאגֶען גַם זוּ לְטוֹבָה, אָבֶּער זַיין קִינְד הָאט מֶען אִיהְם לֶעבֶּעדִיג אַ וֶועק גֶערוֹיבְּט.

**מאיר:** לֶעבֶּעדִיג אַ וֶועק גֶערוֹיבְּט ?

**דוד:** און עַד הַיוֹם ווייסְט עֶר נִישְׁט וואו דָאס קִינְד אִיז, און וָואס פוּן אִיהְם אִיז גֶעווָארֶען.

**מאיר:** בֶּעהִיט זָאל מֶען וֶוערֶען.

**דוד:** און אַזוֹיא ווִיא יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקָאנְט טְרֵייסְטֶען אִיבֶּער זַיין פֶערְלוֹירֵינֶעם זוּהְן יוֹסֵף אַזוֹיא הָאט נֶעבִּיךְ מַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער בְּרוּדֶער נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בֶּעוויינֶען זַיין פֶערְלוֹירֶענֶעם זוּהְן.

**מאיר:** אוֹי וֶועה אִיז מִיר, וֶוער ווייסְט ווִיא אַזוֹי עֶר הֵייסְט אַצִינְד, און אִיז נָאךְ אֶפְשָׁר אַ שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל.

**דוד:** דוּרְךְ אַ צְוָאָה פוּן אַ‌נְדֶער טַאטֶען זֶענֶען אוּנְזֶערֶע בֵּיידֶע קִינְדֶער זַייט זֵייעֶר גֶעבּוּרְטָה גֶעווֶעהְן פֶערְלָאבְּט.

**מאיר:** דָאס הֵייסְט חָתָן כַּלָּה, אַצִינְד פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ, נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט נֶעבִּיךְ זַיין קִינְד פֶערְלוֹירֶען הָאט עֶר צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען אֵייעֶר קִינְד אוּם זִיךְ מִיט אִיהְר צוּ טְרֵייסְטֶען.

**דוד:** בִּיז פַאר דְרֵייא יָאהְרֶען וֶוען אִיךְ בִּין פוּן יַאסִי וֶועק און מִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין גַאלַאטְץ.

**ראשעל:** (לויפט אריין) פַאטֶער! פַאטֶער! וואוּ הָאסְטוּ זָאוַואס מִיר גֶעקֶענְט פֶערְשְׁוַויינֶען ? זָא אֵיין טֵייעֶרְן גַאסְט אִין אוּנְזֶער הויז, און דוּא הָאסְט מִיר דַאפוּן קֵיין וָוארְט גֶעזָאגְט.

**דוד:** אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעווָאלְט מַיין קִינְד אִיבֶּערַאשֶׁען.

**ראשעל:** (אויסער זיך) דָא... דָא קוּמְט עֶר מַיין הֶערְצֶענְסְגוּטֶער אֶנְקֶעל מַיין עֶרְצִיהֶער מַיין לֶעהְרֶער מַיין אַלֶעס... קוּם אֶנְקֶעל גֶעזֶעגְנֶעט זַיי דַיין קוּמֶען אִין אוּנְזֶער הויז.

**זלמן:** און דָאס אִיז מַיין רָחֵלֶ׳ה, ווִיא שֶׁעהְן אִיז מַיין קִינְד גֶעווָארֶען ווִיא בְּלִיהֶענְד.

**ראשעל:** אָבֶער דָא אָנְקעל דָא, וֶועה מִיר וִויא פֶערְעֶנְדֶערְט הָאסְטוּ דִיךְ וִויא וֵויים בִּיזְטוּ אִין אַזַא אַ קוּרְצֶע צַייט גֶעוָוארֶען.

**זלמן:** עֶס וואוּנְדֶערְט דִיךְ מֵיין קִינְד? גֶעדֶענְקְסְטוּ פַאר דְרֵייא יָאהְר וֶוען דוּ בִּיזְט מִיט דַיינֶע עֶלְטֶערְן וֶועק פוּן יַאסִי אוּן אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעוָואלְט אֵייךְ בַּאלְד נָאכְקוּמֶען, גְרַאדֶע דַאמַאלְס הָאט זִיךְ מִיר פְּלוּצִים בֶּעוִויזֶען אַ שְׁטְרַאהְל פוּן הָאפְנוּנְג, מֵיין פֶערְלוֹירֶען קִינְד ווִידֶער צוּ גֶעפוּנֶען. מִיר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז אִיךְ הָאבּ עֶנְדְלִיךְ גֶעפוּנֶען מֵיין פֶערְלוֹירֶענֶע שְׁפּוּר, אוּן אַזוֹיא הָאט עֶס מִיךְ גֶעפִיהְרְט פוּן אֵיין אָרְט צוּם אַנְדֶערְן, מָאנַאטֶע, יָאהְרֶען, בִּין אִיךְ נִישְׁט מִיעד גֶעוָוארֶען ווּכֶענְדִיג אוּן פַארְשֶׁענְ־ דִיג, אוּן אַזוֹיא הָאבּ אִיךְ פָאלֶע דְרֵייא יַאהְרֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט אַרוּם גֶעוַואנְדֶערְט בִּיז אִיךְ בִּין ווִידֶער אַ הֵיים גֶעקוּמֶען גֶעבְּרָאכֶען בִּיטֶער עֶנְטֵיישְׁט אוּן פוּן מֵיין לֶעצְטֶער הָאפְנוּנְג בֶּערוֹיבְּט, אוּן וָואס הָאבּ אִיךְ עֶרְשְׁט אִין מֵיין הוֹיז גֶעפוּנֶען? שְׂרַהלֶע מֵיין גֶעטְרֵייא לֶעבִּינְס בֶּעגְלֵיי־ טֶערִין מֵיין גוּטֶע לִיעבֶּע פְרוֹיא מִיט וֶועלְכֶער אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער פִירְצִיג יָאהְר גֶעטְהֵיילְט לֵייד אוּן פְרֵייד זִיא אִיז אוֹיף דֶעם טוֹיטֶען בֶּעט גֶע־ לֶעגֶען אוּן מִיר אִיז קוֹים צַייט גֶעבְּלִיבֶּען אִיהְרֶע לִיעבֶּע אוֹיגֶען צוּ צוּמַאכֶען, אָה קִינְד מֵיינֶעס, דוּא וואוּנְדֶערְסְט דִיךְ וָואס אִיךְ בִּין אַזוֹיא וַויים גֶעוָוארֶען? מִיךְ וואוּנְדֶערְט עֶס וָואס אַזוֹינֶע צָרוֹת הָאבֶּען מִיר נָאךְ מֵיין אַלְטֶען קָאפּ נִישְׁט אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט... אָה וִויא שְׁטַארְק אִיז דֶער מֶענְשׁ, וִויא רִיעזֶען שְׁטַארְק.

**ראשעל:** אָה נֵיין אָנְקעל, אִיךְ לָאז דִיךְ נִישְׁט מֶעהְר וֶועק פוּן אוּנְז, בֵּייא אוּנְז בְּלֵייבְּסְטוּ שׁוֹין יֶעצְט פִיר דֶען רֶעסְט דֵיינֶעס לֶעבֶּענְס, נִיכְט וַואהְר פַאטֶער? נִיכְט וַואהְר מוּטֶער?

**דוד:** גֶעוִויס רַאשֶׁעל אִיז גֶערֶעכְט, אִיךְ בִּין גָאט לָאבּ רֵייךְ, אוּן דִי קֶענְסְט דִיר קֵיין בֶּעסֶערֶע הֵיים ווִינְשֶׁען וִויא בֵּייא אוּנְז.

**מרים:** יָא שְׁוַואגֶער אִיהְר מֶעגְט עֶס אוּנְז גְלוֹיבֶּען, אִיהְר וֶועט בֵּייא אוּנְז זֵיין דִיא קְרוֹין פוּן דֶעם קָאפּ.

**ראשעל:** הֶערְסְטוּ עֶס אָנְקעל, נוּן וַוארוּם שְׁוֵוייגְסְטוּ? זָאג דָאךְ יָא!

**זלמן:** אִיךְ דַאנְק אֵייךְ פִיר אֵייעֶר גוּטֶען ווִילֶען, אָבֶער אִיךְ וֵויים נִישְׁט צוּ אִיךְ וֶועל קֶענֶען אֵייעֶר גוּטֶען ווִילֶען עֶרְפוּלֶען.

**אלע:** אָבֶער וַוארוּם?

**ולמן:** איך וועל אין אזא שטאדט וויא גאלאטץ נישט קענען לעבען, וואו איך בין געוואהנט, גאלאטץ איז א גוישע שטאדט.

**מרים:** אבער שוואגער לעבען, אויך דא וואהנען א סך יודען.

**ולמן:** יא, אבער אלערלייא יודען זענען דא אויף דער וועלט (שטעהט אויף) איבריגענס וויר ווערדען נאך דערפון רעדען, וויקסט אזוי גוט זיין דוד גיב מיר מיין טלית און תפילין ווייל איך האב נאך נישט געדאוועט...

**ראשעל:** אבער אנקעל, ביזט אזויא מיעד פון דער רייזע, און געווים אויך הונגעריג ווילסטו דען גאר נישט געניסען?

**ולמן:** פאר דעם דאווינען?

**ראשעל:** אבער א גלעזעלע טהע יא (ראשעל אב).

**ולמן:** (רייבט דיא אויגען דערזעהט מאיר'ן) אה מיינע אלטע אויגען... אויב איך האב קיין טעות... איז עס מאיר...

**מאיר:** מאיר דרייער דער מאיר שדכן פון דער רויטער בריק וואסזשע ר' זלמן איהר האט מיך שוין אויך נישט דערקענט?

**ולמן:** איך האב דיך זעהר לאנג נישט געזעהן. נו וויא געהט עס דיר?

**מאיר:** וויא זאל עס מיר געהן? מיר געהט עס וויא א פערד אין א קאבצו־נישער מיהל, האט ער צו ארבייטען האט ער נישט קיין צייט צו עסען האט ער נישט צו ארבייטען האט ער נישט וואס צו עסען, נור פון דעסטוועגען האבען מיר א גוטען גאט. איך לעב, מיין ווייב לעבט, און מיינע צעהן טעכטער לעבען אויך.

**מרים:** קיין עין הרע ר' מאיר צעהן קינדער?

**מאיר:** מיט א האלבען! נור ווייזט איהר פון וועלכען קינד איך האב דעם גרעסטען נחת פון דעם האלבען.

**מרים:** (לאכט) פאר וואס פון דעם האלבען?

**מאיר:** ווייל ס'מוזט מיך נישט קיין עסען.

**מרים:** ארמער מאן וויא שווער מוזט איהר נעביך טראגען איהר מיט אייער פרוי.

**מאיר:** שוועהר טראגט מיין פרוי נור ניין חדשים. פון דאמאלט אן אין ווייטער טראג איך, אזוי האב איך א שוועהר טראגען.

**ולמן:** (דערזעהט איין בילד) דוד וויא קומט אין דיין הויז אזא בילד? א פרוי

רַאנְגֶ׳לְט זִיךְ מִיט אַ יוּנְגֶען מַאן, אוּן וִויא דִיא פְרוֹיא זֶעהט אוֹיס אוֹיסְגֶעלַאסֶען.

**דוד:** אָבֶּער בְּרִידֶער דָאס שְׁטֶעלְט פָאר יוֹסֵף מִיט פּוֹטִיפֶערְס פְרוֹי דָאס אִיז אַ בִּילְד פוּן דֶער בִּיבֶּעל.

**זלמן:** הָאסְטוּ שׁוֹין אִין דֶער בִּיבֶּעל קֵיין שֶׁענֶערֶע זַאךְ נִישְׁט גֶעפִינֶען הָאסְט דָאךְ אַ דֶערְוַואקְסֶען מֶערְכֶען אִין הוֹיז אוּן לָאזְט בֵּייא דִיר הֶענְגֶען אַזאַ בִּילְד.

**מאיר:** (בעטראכט דאס בילד) אַ דָאס אִיז וִיא פּוֹטִיפֶערְס פְרוֹי... אוֹי וֶוען אִיךְ בִּין אוֹיף יוֹסֵף׳ס פְּלַאטְץ.

**זלמן:** מֵאִיר!

(אויפטריט ראשעל)

**ראשעל:** (מיט טהע) אֶנְקֶעל אַלֶעס אִיז סֶערְווִירְט אוּן אִיהר ר׳ מֵאִיר ווִילְט אִיהר טְהֶע צוּ קַאפֶּע.

**מאיר:** מִיר גִיב טְהֶע מִיט בְּרָאנְפֶען אָבֶּער וֶועניגֶער טְהֶע אוּן מֶעהר בְּרָאנְ-פֶען דִיא דָאקְטוֹירִים זַאגֶען אַז טְהֶע מַאכְט שְׁוַואךְ.

**ראשעל:** נוּ אוּן בְּרָאנְפֶען.

**מאיר:** בְּרָאנְפֶען מַאכְט שְׁטַארְק, אַ סִימָן רֶעגְט אַרֵיין ווֶיינְשִׁיל אִין בְּרָאנְ־פֶען וֶועט אִיהר זֶעהן ווִי שְׁטַארְק זַייא וֶוערֶען, לְחַיִים אִין גֶעבֶּע צַייטֶען אי״ה בֵּייא רַאשְׁלֶען אוֹיף תְּנָאִים, מַחְשָׁבוֹת׳ן ר׳ זַלְמָן אִיהר קֶענְט פוּן דֶער הֵיים טוֹדְרוֹס בִּיק עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אַ חָתָן פַאר וֶועלִיג שָׁארְס טָאכְטֶער נָאר פַאר דִי תְּנָאִים אִיז דִיא כַּלָה נִישְׁט דָא גֶעדַאכְט אַנְטְלָאפֶען מִיט אַ שֵׁיגֶץ.

**מרים:** וֶועלִיג שָׁארְס טָאכְטֶער מִיט אַ קְרִיסְט אַנְטְלָאפֶען? דָוִד דוּא גֶע־דֶענְקְסְט וֶועלִיג שָׁאר.

**דוד:** אַ זָאלְכֶער אַמָאלִיגֶער שְׁחִין! נוּ אִין זַיין טָאכְטֶער... מִיט אַ קְרִיסְט אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ.

**זלמן:** צוּם אוּמְגְלִיק אִיז עֶס אֱמֶת.

**אלע:** אֱמֶת?

**זלמן:** אִיךְ בִּין לֶעצְטֶענְס גֶעוֶועהן בֵּייא אִיהם אוּן הָאבּ אִיהם מְנַחֵם אָבֵל גֶעוֶועהן וִויא נָאךְ אַ טוֹיטֶען.

**מאיר:** אוּן שׁוּלְדִיג זֶענֶען דִיא עֶלְטֶערְן אַלֵיין דֶער שֵׁיגֶץ מִיט וֶועלְכֶען זִיא

איז אנטלאפען איז פריהער געוועזן דארט איין גאנצער בן בית, נו איך בעט אייך ווי זאגט מען עס א קאך מאכט א גנב.

**מרים:** נארישקייט אט קומט אין אונזער הויז אויך אריין א קריסטליכער יונגער מאן פון דעסטוועגען האבען מיר פאר אונזער קינד קיין מורה.

**זלמן:** אין אייער הויז איין קריסטליכער יונגערמאן האט ער מיט דיר געשעפטען דוד?

**מרים:** ניין גלאט אזוי אלס הויזפריינד.

**זלמן:** הויזפריינד?

**דוד:** איהם האבען וויר אונזער קינד'ס לעבען צו פערדאנקען, אונלענגסט האט וועהרענד דער נאכט אין אונזער הויז א פייער אויסגעבראכען אונד איהר שלאפצימער וואהר זא שנעל אומגעבען פון רויך אונד פלאמען דאס נור איהר הילפגעשריי האט מען געהערט אבער זיא רעטען האט ניעמאנד געוואגט אונד פלעצליך איז דיעזער שלוח ערשיענען אונד איז אריין אין פייער אונד באלד איז ער געשטאנען מיט אונזער קינד אויף זיינע הענד. זייט דאמאלס איז ער נאטירליך אונזער הויזפריינד אונד וויהרד פאן אונז אלע געשעצט אונד געליעבט. העטעסט דוא ברודער דען אנדערס געהאנדעלט?... דא קומט ער אונד דוא וועסט געלעגענהייט האבען איהם קענען צו לערנען. איך בין זיכער אז ער וויהרד אויף דיר איין גוטען איינדרוק מאכען.

(אויפטריט קארל מיט ראשעל).

**דוד:** העהר ריזוואן ערלויבען זיא מיר איהנען פארצושטעלען מיין עלטערן ברודער זלמן קאהן, קארל ריזוואן דאקטאר דע פילאזאפיע.

**קארל:** העהר קאהן איהר ווערטהע פאמיליע איבערהויפט פרייליין ראשעל האט מיר זא פיעל גוטעס פאן איהנען ערצעהלט, דאס איך בין וויר־קליך ערפרייט זיא פערזעהנליך קענען צו לערנין.

**זלמן:** נעמט אייך מיינען הערצליכען דאנק פיר אייער עדלע אויפאפפע־רונג אונד רעטונג פאן מיין קינד.

**קארל:** איך האב נור מיינע פפליכט אלס מענטש געטהון.

**מאיר:** ער ווייזט אויס א גוטער גוי.

**ראשעל:** שטיל!

**דוד:** יא ווען יעדער זאל נור זיינע פפליכט אלס מענטש טהון וויא גליקליך

וָואלְטֶען אַלֶע מֶענְטשֶׁען גֶעוֶוען, אָבֶער דָא זֶעהֶן זִיא אִיהְרֶען בְּרוּדֶער דוּמִיטְרִיֶע רִיזָוַואן וֶועלְכֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד אִיז צְוִוישֶׁען אַייךְ בֵּיידֶע.

**כארל :** לֵיידֶער.

**מרים :** מִיט יוּדֶען מַאכְט עֶר גֶעשֶׁעפְטֶען, און אוּנְז אִיז עֶר זֶעהְר פִיעל גֶעלְד שׁוּלְדִיג און דָאךְ אִיז עֶר דֶער גְרֶעסְטֶער אַנְטִיסֶעמִיט.

**כארל :** צוּ מֵיינֶעם בֶּעדוֹיעֶרְן, עֶס אִיז דָאךְ אֵיין וֶועלְטֶענֶער נַאטוּר רֶעטְהְזֶעל. מֵיין בְּרוּדֶער דוּמִיטְרִיֶע אִיז אֵיין יוּדֶענְפֵיינְד אוּנְד מֵיין זֶעלִיגֶער פַאטֶער זָאפִיעל אִיךְ מִיךְ עֶרִינֶערֶען וַואר אוֹיךְ אַנְטִיסֶעמִיט. אִין מֵיינֶעם הֶערְצֶען אָבֶער בְּרֶענְט עֶס וִויא אֵיין פֵייעֶר, זֵייט אִיךְ בִּין צוּ מֵיינֶעם פֶערְשְׁטַאנְד גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם אוּמְרֶעכְט וַואס אוּנְזֶערֶע יוּדִישֶׁע מִיטְבִּירְגֶער גֶעשִׁיהְט. נָאךְ אַלְס קְנַאבֶּע הַאבֶּע מִיר גֶעוִוינְשֶׁען אֵיינְמָאל קֶענִיג צוּ וֶוערְדֶען אוּם דֶער מֶענְשְׁהֵייט נֵייעֶ קְרַאפְט אוּנְד לֵייטֶערוּנְג אֵיינְהוֹיכֶען צוּ קֶענֶען, אֵיין קֶענִיג אוּם אַלֶע שׁוּלְדְלָאז לֵיידֶענְדֶע צוּ שִׁיטְצֶען אוּנְד דִיא יֶענִיגֶע צוּ פֶערְנִיכְטֶען וֶועלְכֶע רוּפֶען זִיךְ מֶענְשֶׁען אוּנְד זִינְד נָאךְ טֵייפְלִישֶׁער אַלְס דֶער שָׂטָן אַלֵיין.

**מאיר :** צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל הֶער אִיךְ פוּן אַ גוֹי זָאלְכֶע וֶוערְטֶער, אוֹי סְ'אִיז מָשִׁיחַ'ס צַייטֶען.

**זלמן :** אֶפְשֶׁר וֶועט דָאךְ אַ מָאל קוּמֶען דִיא גָאלְדֶענֶע צַייטֶען, אוּנְד דֶער גָאט וָואס הָאט אוֹיס אֵיינֶע תֹהוּ וָבֹהוּ אַזַא שֶׁעהְנֶע וֶועלְט גֶעמַאכְט דֶער זֶעלְבֶּער גָאט וֶועט מִיט דֶער צַייט אוֹיךְ אוֹיסְרוּפֶען יְהִי אוֹר. עֶס זָאל וֶוערֶען לִיכְט, לִיכְט פוּן וַואהְרְהֵייט, לִיכְט פוּן עֶהְרְלִיכְקֵייט לִיכְט פוּן מֶענְשֶׁענְרֶעכְטֶע... דָוִד מֵיין טַלִית און תְּפִלִין.

**דוד :** יָא בְּרוּדֶער.

**ראשעל :** עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט הֶערְר רִיזָוַואן אֵיינֶע פְרַאגֶע, זִיא זַאגְטֶען זִיא מֶעכְטֶען אֵיין מַאל קֶענִיג זֵיין אוּם גוּטֶעס צוּ ווירְקֶען אוּנְד דָאךְ שְׁטְרֶעבֶּען זִיא נִיכְט אֵיין מַאל אִירְגֶענְד אֵיין אַמְט צוּ בֶּעקוּמֶען, אִימֶער שְׁטוּדִירֶען זִיא נוּר פִילָאזָאפִיֶע וָואס פַאר אַ נוּטְצֶען הָאבֶּען זִיא דַאפָאן?

**זלמן :** נוּטְצֶען? אוּנְגֶערֶעכְט בִּיזְטוּ מֵיין קִינְד מִיט דֵיינֶע פְרַאגֶע, נוּטְצֶען צִיהְט מֶען נוּר פוּן גֶעשֶׁעפְטֶען אַבֶּער לֶערְנֶען? נֵיין, נִישְׁט גֶעלְדְמַאכֶערֵיי דַארְף זֵיין דֶער צְוֶועק פוּן לֶערְנֶען, אַל תַּעַשׂ קַרְדּוֹם לַחְפּוֹר בָּהּ זָאגֶען אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים. גֶעדֶענְקְסְטוּ קִינְד וואוּ אִיךְ פְלֶעג.

שְׁטוּנְדֶענְלַאנְג שְׁטֶעהְן אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אִיבֶּער מֵיינֶע סְפָרִים אוּנְד לֶערְנֶען? פֶּערְמָאגְט דֶען דִיא וֶועלְט אַ גְרֶעסֶערֶעס פֶּערְגְנִיגֶען אַ רֵיינֶערִם אַ הֵייךְ לִיגֶערִם וִויא דָאס לֶערְנֶען? מֶען פֶּערְגֶעסְט אִין זִיךְ מֶען פֶּערְגֶעסְט אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט מֶען פֶּערְגֶעסְט אִין אַלֶע צָרוֹת מֶען פִיהְלְט אַ טַעַם פוּן דֶעם גַן עֵדֶן אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנְד אַז גָאט ב"ה וֶועט מִיךְ צוּרִיק רוּפֶען וָואס וֶועל אִיךְ דַאן מִיט מִיר מִיטְנֶעמֶען? מֵיינֶע הַייזֶער? מַיין גֶעלְד? אָבֶּער מֵיינֶע קֶענְטְנִיסֶע דִיא נֶעם אִיךְ מִיט מִיר אוֹיךְ אַ הֵין מִיט שְׁטָאלְץ וֶועל אִיךְ מִיךְ קֶענֶען פַאר מֵיין שֶׁעפֶּער פָּארְשְׁטֶעלֶען אוּן וֶועל אִיהְם זָאגֶען רבש"ע דוּא הָאסְט מִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט אַרוּם גֶעשִׁיקְט מִיט אַ לֶעדִיגֶען קָאפּ, וֶועה אִיךְ בְּרֶענְג דִיר אִיהְם צוּרִיק פוּל וִויסֶענְשַׁאפְט פוּל תּוֹרָה פוּל חָכְמָה (אב).

**מאיר:** אֵיין אוֹיפְגֶעמַאכְטֶע זַאךְ, פוּן וָואס מְ'רֶעדְט קוּמְט מֶען אַלְץ אַרוּיס אוֹיף דֶעם טוֹידְט, קָאמִיר בֶּעסֶער רֶעדֶען פַאן לֶעבֶּעדִיגֶע זַאכֶען, אִיךְ גֶעה אִיהְם בְּרֶענְגֶען, אִיהְר וֵוייסְט שׁוֹין וֶועהְמֶען.

**דוד:** מֵיינְסְט וֶועגֶען בְּרֶענְגְסְט אִיהְם.

**מאיר:** הָאט זְשֶׁע מִיר אַ גוּטֶען טָאג, מִיט דֶעם רֶעכְטֶען פוּס רבש"ע, אִין דֶעם זְכוּת פוּן מֵיינֶע צְוֶעהְן טֶעכְטֶער (אב).

**ראשעל:** נוּן הֶערְר רִיזְוַואן וִויא גֶעפֶעלְט אַייךְ מַיין אֶנְקֶעל?

**קארל:** אֵיין אִידֶעאַל פָאן אֵיין מַאן, מִיט זֵיינֶען בֵּיידֶען פִיסֶען שְׁטֶעהְט עֶר אוֹיף דֶער עֶרְדֶע, אָבֶּער מִיט זַיין קָאפְּף רֵייכְט עֶר בִּיז צוּם הִימֶעל.

(אויפטריט דיענער).

**דיענער:** (מעלדעט) הֶערְר דוּמִיטְרִיעֶ רִיזְוַואן (אב).

**דוד:** עֶר!

**קארל:** מֵיין בְּרוּדֶער, גֶעוִויס וֶועגֶען גֶעשֶׁעפְטֶע וִויר וָואלֶען נִישְׁט שְׁטֶערֶען פְרֵיילַיין, (ביידע אב).

**מרים:** וָואס קֶען עֶר שׁוֹין וַוייטֶער וֶועלֶען?

**דוד:** גֶעה מִרְיַם'ל לָאז מִיךְ מִיט אִיהְם אַלֵיין.

**מרים:** (בייז) נוּר אֵיין אוּנְשִׁיקֶענִיש אוֹיף אוּנְזֶער קָאפְּף (אב, דימיטריע ערשיינט).

**דימיטריע:** בּוֹנְזְשׁוּר הֶערְר קָאהְן.

**דוד:** בּוֹנְזְשׁוּר הֶערְר רִיזְוַואן, בִּיטֶע מִיט וַואס קַאן אִיךְ דִיענֶען?

**דעמיטריע:** הֶערְר קָאהְן אִיךְ בִּין שׁוֹין וִויעֶדֶער אִין אֵיינֶער גֶעלְד קְלֶעמֶע.

**דוד:** וויא געוועהנליך, אלזא?

**דומיטריע:** אלזא ויא אליין הערר קאהן זינד נאך מיין לעצטע הילפס־קוועלע, איך ברויך יעטצט אונגעפעהר פינף טויזענד דוקאטען.

**דוד:** אונד וועלכע זיכערהייט בעקאם איך פיר מיין געלד?

**דומיטריע:** (שטאלץ) איך אונטערשרייבע איהנען איין וועקסעל.

**דוד:** לײדער איזט מיר דאס ניכט גענוג.

**דומיטריע:** וועלכע אנדערע זיכערהייט וואלען זיא דען?

**דוד:** איין פפאנד.

**דומיטריע:** הערר קאהן פאסט אלע מיינע גיטער זינד שאן ביא איהנען פערפפענדעט.

**דוד:** הערר ריזוואן זיא זינד מיר שאן מעהר שולדיג אלס איהרע גיטער ווערטה זינד.

**דומיטריע:** ווייל זיא טרייבען שאכער מיט מיר.

**דוד:** הערר ריזוואן! איך בין קיין וואוכער, איך בין באנקעהר אונד נעהמע נור זא־פיעל פראצענטע וויפיעל דאס געזעטץ ערלויבט דאס וויסען זיא גאנץ גוט.

**דומיטריע:** הערר קאהן זיטצען זיא, איך וויל איהנען איינען פארשלאג מאכען, הערר קאהן, ריזוואן איז מיין נאמען, איך געהערע דעם גרעסטען אדעל דעם לאנדעס, אונד דאך בין איך בערייט מיך איהנען הערא בצולאסען.

**דוד:** וואס מיינען זיא דאמיט?

**דומיטריע:** פרייליין ראשעל איהער טאכטער געפעלט מיר, אונד אבוואהל זיא איזט איין יודין אונד איך איין קריסט דאך בין איך בערייט מיינען האכאריסטאקראטישען נאמען איהר צו געבען זעלבסט פערשטענדליך מוס זיא זיך פריהער טויפען, אונד דאן מוסען זיא מיך אלס איהרען איינציגען ערבען ערקלעהרען, דענקען זיא איינמאל איהרע טאכטער אלס מיינע פרויא, אלס מיינע פרויא זא ווייט וויל איך מיך צו איהנען הערא בלאסען, זא פיעל בין איך בערייט פיר איהער טאכטער צו אפפערן, ויא זינד איבעראשט הערר קאהן? זיא גלויבען פיללייכט איך מאכע מיר מיט איהנען איינען שפאס? אבער ביי מיינער עהרע אלס עדעלמאן איך מיין עס גאנץ ערנסט.

**דוד:** איך דאנקע איהנען העררן ריוואן פיר איהרע גיטיגע הערהבלאסונג, אבער דאס מוס איך איהנען זאגען, ווען איך אויך קיין יודע וועהרע נור איין קריסט, אונד קיין באנקעהר נור איין ארומער בויער, העטע איך אויך דאמאלס איהנען געאנטוואָרטעט העררן ריוואן, מיין קינד איז צו גוט פיר זא איינען מאן ווי זי זינד, איך עמפפעהלע מיך העררר (אב).

**דומיטריע:** שמוציגער יודע! (קארל קומט) אה קארל מיין ברודער דו קומסט גראדע וויא גערופען.

**קארל:** וויא אויפגערעגט דיא ביזט וואס איז דען געשעהן?

**דומיטריע:** אונזער נאמען אונזער האכאריסטאקראטישען נאמען ווארדע פאן איינען יודען אין שמויב געטרעטען אבער דאפאן שפעטער. פאר דער האנד קארל העלף דוא מיר אין מיינער פערלעגענהייט, איך ברויכע זא אונגעפעהר פינף טויזענד דוקאטען עס איזט עהרען געלד איך האב עס פאריגע נאכט פערשפיעלט אונד מוס עס בעצאהלען.

**קארל:** נון זא בעצאהלע.

**דומיטריע:** וואמיט? איך האב דאך קיין געלד!

**קארל:** ווען מען קיין געלד האט שפיעלט מען נישט.

**דומיטריע:** ברודער דוא שפאסט?

**קארל:** דורכאויס נישט, אונזער פאטער האט אונזביידען קיינען גרעסערען רייכטום צוריקגעלאסען אבער גענוג אום אנשטענדיג צו לעבען איך לעבע שפארזאם, יא איך שעהם מיך ניכט זאגאר דורך אונטעריכט געלד צו פערדיענען, דוא אבער וואס פיר איין לעבען האסטו געפיהרט זייט דוא האסט דיין טהייל פאן דער ערבשאפט בעקומען? קארטענשפיעל, אונטערהעלטע מיט אויסגעלאסענע פרויען אונד אנדערע שמוציגע לאסטער! נון ברודער דוא קענסט דאך דאס אלטע שפריכווארט, יעדער נאך זיין פערדיענסט.

**דומיטריע:** (בעז) איך בין קיין פילאזאף איך בין עדעל־מאן אונד ווי איין עדעל־מאן וויל איך אויך לעבען.

**קארל:** איין װאהרער עדעל מאן איזט נור דער וועלכער דענקט עדעל אונד האנדעלט עדעל.

**דומיטריע:** רייץ מיך נישט, האב דאך מיטלייד מיט מיינע קראנקע נערווען.

**קארל:** ווארום האסטו זיא דיר פערדארבען?

**דומיטריע:** מענש וויא קאלטבלוטיג דוא ביזט ווען אין מיר קאכט עס וויא פייער גיב מיר איין ראטה וואס בלייבט מיר יעצט צו טהון?

**קארל:** נור איינען ראטה קאן איך דיר געבען ארבייטע!

**דומיטריע:** וואס??...

**קארל:** דוא זאלסט ארבייטען!

**דומיטריע:** חחח איך איין ריזוואן איין עדעלמאן איך אונד ארבייט.

**קארל:** אה העטעט איהר אלע עדעל לייטע אנשטאט אייערע בוירען פאר דעם אקער צו שפאנען העטעט איהר זעלבסט אייערע פוילע מוסקלען צור ארבייט אנגעשטרענגט, וואלט אויך אום אייערע געהי־רען בעסערע געדאנקען ענטשפראסען אונד איהר וואלט דער וועלט געשענקט געזונטערע און בעסערע מענשען.

**דומיטריע:** קארל! איך פערלאנג פון דיר ניכט פילאזאפיע נור געלד, העלף מיר!

**קארל:** העלף דיר זעלבסט, דיר געלד געבען איזט איין פערברעכען.

**דומיטריע:** דוא זאלסט מיך געדענקען דאס ווירד דיך טייער קאסטען אדיע. (אב)

(אויפטריט ר א ש ע ל, קארל זיצט אין גדאנקען פערטיעפט).

**ראשעל:** (געהט לאנגזאם לעגט דיא הענד אויף דיא שולטער) זא אין געדאנקען פערטיעפט?

**קארל:** איזט עס מיינע ראשעל? אליין מיט דיר? אליין אונטער פיער אויגען, אה וויא לאנג וואהרען וויר נישט מעהר אליין, ראשעל דיינע אויגענשפראכע האב איך שוין קענגס פערשטאנדען, יא דוא ליעבסט מיך איך וייס עס אבער ווארום ווילסטו עס ניע מיט דיינע ליפען אויסשפרעכען, אה פערבארגע ניכט דיין געזיכט צייגע מיר דיינע ליעבע אויגען, ניע קענען זייא שעהנער לייכטען וויא אין דעם אויגענ־בליק ווען זייא מאכען איינען מענשען צום גליקליכסטען אויף דער ערד?

**ראשעל:** אה ווער קען דיך זעהן ווער קען דיך הערען אונד דיך ניכט

ליעבען? אבער זיעגען מוס איך דאך, דען מיינע ליעבע ערדרייכען קענען וויר אונס ניעמאלס ניעמאלס, נור בעדויערן מוס איך אום דיך געליעבטער וויא איינע ברויט אום איהרען פערלארענעם ברייטיגאם, דען פיר מיך ביזטו יא פערלארען עוויג פערלארען.

**קארל:** איזט אויך מיינע ראשעל נישט פריי פאן פערראורטהיילען? וואס האב איך דען פערבראכען ווען דער צופאל האט מיך גראדע אין איינע קריסטליכע וויעגע געלעגט, זאל איך דאפיר מיט מיינעם לעבען בעצאהלען? דוא אהנע דיך איזט מיר דאס לעבען קיין לעבען מעהר.

**ראשעל:** גאט וויל עס זא.

**קארל:** ניין! ניכט גאט נור דער אבערגלויבען פון אונזערע ביידע רעליגי-יאנען! הייליגער אלס אלעס אין דער וועלט, איז דאס געפיהל וועלכעס האט אונז ביידע צוזאמענגעפיהרט דאס איז דאס רעכט דער נאטור, דאס איז הייליג דאס איז געטליך וויא גאט זעלבסט.

**ראשעל:** אה וועה מיר אומזאנסט קעמפפע איך מיט מיר זעלבסט ניין איך קאן מיינעם הערצען ניכט בעפעהלען! איך ווייס דאס איך בע-געהע איינע זינדע געגען מיינעם גאט געגען מיינע עלטערן אבער איך קאן מיר ניכט העלפען. איך ליעבע דיך מעהר אלס מיין לעבען, איך ליעבע דיך מעהר אלס אלעס אין דער וועלט.

(מאיר דרייער קומט אריין, אין מיט'ן זינגען לויפט ער ארויס, נאכ'ן געזאנג קומט ער מיט דוד מרים).

**מרים:** טאכטער מיינע וואס הייסט דאס? ווילסטו דען חלילה דיינע עלטערן אויך אנטהון אזא בושה וויא זעליג שארם טאכטער.

**דוד:** (ארומגעהענד) בלינדער וואס איך בין געוועהן, בלינדער.

**מאיר:** אוי א בראך צו מיינע יאהר, ווייסטו רחל'ה וועמען איך האב דא אהער געבראכט? א חתן פאר דיינעטוועגען דארט זיצט ער נעביך און ווארט אז דיא זאלסט איהם אנקוקען און דיא קישט דיך דא מיט א שגץ.

**דוד:** שטיל איך זעה מיין ברידער קומען אהער קיין ווארט מעהר דאפאן אין זיין געגענווארט.

**זלמן:** (קומט אריין) ווייסט דו"ד איך בין היינט געוועהן געשטערט ביים דאבינען.

**דוד:** גֶעשְׁטָערְט ? װָער ?

**זלמן:** קֵיין אַנְדֶערֶער װִיא נוּר מֵיינֶע אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען, מִיר הָאבֶּען פְרִיעֶר גִירֶעט פוּן דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען זֶעלִיג שׁור, אוּן דֶערְפַאר אִיז עֶר מִיר אוֹיס דִיא גֶעדַאנְקֶען נִישְׁט אַרוֹיס, אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמַאנְט װִיא אַזױא עֶר הָאט גֶעװֶעהֶן װֶען אִיךְ בִּין אִיהְם גֶעקוּמֶען מְנַחֵם אָבֵל זַיין, אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶערֶעדְט, אָבֶער עֶר הָאט נִישְׁט גֶעהֶערְט, דֶען זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען בְּלוּט, אוּן אוֹיסְגֶעזֶעהֶן הָאט עֶר װִיא אֵיינֶער װָאס מֶען נֶעמְט אִיהְם אוֹיס דֶער עֶרְד אַרוֹיס, אוֹי גָאטֶענְיוּ בֶּעשִׁיטְץ אוּן בֶּעהִיט יֶעדֶעם יוּדִישֶׁע הױז פוּן אַזַא אוּמְגְלִיק.

**אלע:** אָמֵן.

**זלמן:** מִיר קֶען עֶס נִישְׁט אִין קָאפּ אַרַיין, װִיא אַזױ קֶען אַ יוּדִישׁ קִינְד אִין זִיךְ הָאבֶּען דָאס הֶערְץ אַזַא װַייטָאג דִיא עֶלְטֶערְן צוּ צוּטֵיילֶען, אוּן װִיא אַזױ קֶענֶען װִיעֶדֶער דִי עֶלְטֶערְן פוּן אַזַא קִינְד נָאךְ װַייטֶער לֶעבֶּען אוֹיף דֶער װֶעלְט ? (ראשעל ברעכט אויס איין געוויין).

**זלמן:** װֶעה אִיז מִיר, װָאס אִיז דָאס... קִינְד מֵיינְס ? הֶעלְפְט... רֶעטֶעט... טָאכְטֶער גֶעצִיטֶערְטֶע קוּם צוּ מִיר... (אלע וויינען).

**זלמן:** װָאס אִיז דָא ? װָאס אִיז דָא, פְרֶעג אִיךְ ?

(פ א ר ה א נ ג).

(ענדע דעם ערשטען אקטעס).





# צווייטער אקט.

(א פאַרצימער ביי קארל, איין קליינער טיש און א זעסעל).

אויפטריט קאטערינא, א פרוי פון פערציג יאָהר, געזונד רויט געקליידעט נאציאָ-נאל רומעניש, מיט א כייש פערשיעדענע זאכען פון דעם מארק, זעצט זיך שעהלען קארטאָפלעס, ווען זיא קומט אריין זינגט זיא איין רומעניש פאָלקס-ליעד אָהנע מוזיק.

(אויפטריט דומיטריע).

**קאטינקא:** ער איז שוין ווידער דא.

**דומיטריע:** באנזשור קאטינקא.

**קאטינקא:** באנזשור.

**דומיטריע:** איז מיין ברודער צו הויזע.

**קאטינקא:** יא, אונד ניין.

**דומיטריע:** וויא מיינסטו דאס?

**קאטינקא:** ער איז צו הויזע אבער ער וויל פאן ניעמאנדען געשטערט ווערדען.

**דומיטריע:** וואס טהוט ער דען?

**קאטינקא:** ער שרייבט.

**דומיטריע:** וואס דען?

**קאטינקא:** איין ווערק.

**דומיטריע:** הא! הא! הא!

**קאטינקא:** (קוקט איהם אן) ווער מען לאכט איהר אוס, איהם אדער אליין?

**דומיטריע:** דומע נאנו, קענסטו נאך פראגען? דוא מיינסט איך האב ניכט ערפאהרען, דיא גאנצע ליעבענגעשיכטע צווישען איהם אונד יענער יודישען העקסע?

**קאטינקא:** העקסע?

**דומיטריע**: יא איינע העקסע! איינע פערפלוכטע צויבערן איז זיא, אויך איך בין דורך איהר צויבערייא שיער צום אפפער געפאלען, זא ווייט דאס איך האב שוין זאגאר איהרען פאטער איין הייראטס אנטראג געמאכט.

**קאטינקא**: מיר האבען שוין דערפון געהערט.

**דומיטריע**: אבער איך האב מיר דאן די זאכע גאנץ אנדערש איבערלעגט.

**קאטינקא**: איהר האט אייך איבערלעגט.

**דומיטריע**: איך האב מיך גליקליכער ווייזע נאך צייטליך צוריק געצויגען דען איך בין דאך נישט מיין ברודער!

**קאטינקא**: גאט זייא דאנק, ניין.

**דומיטריע**: אבער ער מיט זיין ווייך הערץ איז יא גאנץ און גאר אין איהר נעטץ געפאלען, און אם ענדע האט זיא איהם פערווארפען און זיך מיט איין יודישען חתן פערלאבט. פיער וואכען זענען שוין זייט דאמאלס פאריבער, און הייטע איז איהר האכצייטס טאג, און מיין ברודער דער נאר זיצט גאנץ רוהיג צו הויזע און שרייבט איין ווערק, הא! הא! איז דאס נישט צום טודט לאכען, זאגע קאטינקא, דוא ביזט זא גוט וויא זיינע צווייטע מוטער, דען דוא ביזט דאך זיינע אמע געוועהן, און ער איז אויף דיינע הענדע אויפגעוואקסען זעלבסט פערשטענדליך האט ער פאר דיר קיין געהיימניס אלזא זאגע מיר וועלכע מיינונג האט ער יעצט פון זיינער יודישען העקסע?

**קאטינקא**: דיא בעסטע מיינונג אין דער וועלט.

**דומיטריע**: וויא?

**קאטינקא**: יעצט בליקט ער אויף איהר מיט בעוואונדערונג וויא אויף איינער הייליגען מערטירערין.

**דומיטריע**: מערטירערין?

**קאטינקא**: וייל זיא האט צוליעב איהרע עלטערן איהר גאנצעס לעבענסגליק געאפפערט.

**דומיטריע**: הא! הא! הא! שעהנער ליעבהאבער, נון? וואס האט ער דען דא געווינען דער נאר זעהסטו קאטינקא, אויך איך האבע מיט פערשידענע מעדכען אינטימע ליעבעס פערהעלטניסע, איך אבער בין קיין נאר, איך פערליערע מיינע צייט נישט אומזאנסט.

**קאטינקא:** אָבֶּער זַיין מֶעדְכֶען איז נִישְׁט אֵייעֶר מֶעדְכֶען, און אֵייעֶר לִיעבֶּע איז נִישְׁט מַיין לִיעבֶּע, און אֵייעֶר חַאראַקְטֶער איז נִישְׁט זַיין חַאראַקְטֶער.

**דומיטריע:** גֶעוִויס נִיכְט! דֶען אִיךְ בִּין אֵיין עֶדֶעלְמַאן און עֶר איז אֵיין עֶזֶעל נון יַא עֶר איז יַא דִיכְטֶער און אֵיין דִיכְטֶער איז אַ נַאאַר חַ חַ חַ וָואס אֵייגֶענְטְלִיךְ דִיכְטֶעט עֶר? דִיר לֶעזְט עֶר גֶעווִיס מַאנְכֶעס פַאר יַא?

**קאטינקא:** עֶר שְׁרֵייבְּט זַיינֶע מֵיינוּנְג אִיבֶּער אַלֶערְלֵיי מֶענְשֶׁען.

**דומיטריע:** זָא קוּמֶען דָארְט אַלֶערְלֵיי מֶענְשֶׁען פָאר.

**קאטינקא:** אַלֶערְלֵיי.

**דומיטריע:** אוֹיךְ זָאלְכֶע דוּמֶע גֶענְז ווִיא דוּא בִּיזְט.

**קאטינקא:** וָאגַאר זָאלְכֶע עֶדְלֶע חַאראַקְטֶערֶע ווִיא אִיהר זֶענְט.

**דומיטריע:** דָאס בִּין אִיךְ נֵייגֶעריג צוּ הֶערֶען.

**קאטינקא:** און אִיךְ וָואלְט אֵייךְ גֶערָאטֶען אִיהר זָאלְט עֶס בֶּעסֶער נִישְׁט הֶערֶען.

**דומיטריע:** פַאר וָואס.

**קאטינקא:** ווֵייל אַז אִיהר וֶועט אֵייךְ דָארְט אָנְקוּקֶען ווִיא אַזוֹי אִיהר זֶעהט אוֹיס וֶועט אִיהר אֵייךְ אַלֵיין גֶעבֶּען אַ שְׁפַּיי אִין פָּנִים אַרַיין.

**דומיטריע:** נוּ, גֶענוּג דַאפוּן, גֶעה קַאטִינְקַא, און מֶעלְדֶע מִיךְ.

**קאטינקא:** עֶר ווִיל פָאן קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעשְׁטֶעהְרְט וֶוערֶען.

**דומיטריע:** אָבֶּער אִיךְ ווִיל אִיהְם זֶעהְן.

**קאטינקא:** אָבֶּער עֶר ווִיל אֵייךְ נִישְׁט זֶעהְן!

**דומיטריע:** אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהְם אַ ווִיכְטִיגֶע זַאךְ צוּ רֶעדֶען.

**קאטינקא:** מִיר ווִייסֶען שׁוֹין פָארְאוֹיס וָואס אִיהר ווִילְט.

**דומיטריע:** נוּן וָואס?

**קאטינקא:** שְׁנָארִין!

**דומיטריע:** דוּא ווַאגְסְט?

**קאטינקא:** עֶר הָאט עֶס מִיר פְרִיעֶר אָנְגֶעזָאגְט, אַז טָאמֶער קוּמְט אִיהְר זָאל אִיךְ אֵייךְ גֶעבֶּען אֵיין קוּרְצֶען עֶנְטְפֶער.

**דומיטריע:** און דֶער אִיזְט?

**קאטינקא:** נִישְׁטוּ וָואס צוּ גֶעבֶּען.

**דומיטריע:** (בייז) דָאס ווִיל אִיךְ אוֹיס זַיין אֵייגֶען מוֹיל הֶערֶען. (אב).

**קאטינקא:** וָאס מִיט גֶעוואַלְט (פערקאַטשעט די ארבעל) נֵיין! מַיין שְׁוואַכֶען קאַרְל הָאבּ אִיךְ מוֹרָא אַלֵיין אִיבֶּערְצוּלָאזֶען אוּנְטֶער פִיעֶר אוֹיגֶען מִיט אַזַא בַּאנְדִיט, שְׁרֶעק דִיךְ נִישְׁט מַיין קַארְל, קַאטִינְקַא הִיט דִיךְ וִויא אִיהר אוֹיג אִין קָאפּ, קַאטִינְקַא אִיז גָאט זַיי דַאנְק נִישְׁט פוּן שְׁטְרוֹי גֶעפְלָאכְטֶען (אב).

(אויפטריט וואסילע, קוטשער א פעסטער מאן מיט א בייטש אין דער האנד זינגט און קנאקט מיט דער בייטש)

**וואסילע:** (נאָכין געזאנג) עֶה קַאטִינְקַא, וואוּ בִּיזְטוּ? וואוּ אִיז מַיין מִיטָאג?

**דומיטריע:** (קומט צוריק אריין שרייענדיג) יָא בְּרוּדֶעד, צוּם לֶעטְצְטֶען מָאל הָאבּ אִיךְ יֶעטְצְט דַיין הוֹיז בֶּעטְרֶעטֶען, אָבֶער מֶערְקֶע דִיר מַיינֶע ווָארְטֶע, דִיזֶע בּוּשֶׁה קֶען נוּר מִיט בְּלוּט אָבְּגֶעוואַשֶׁען ווֶערֶען. (אב).

**וואסילע:** (פייפט) אַהָא, דָא רֶעדְט מֶען בְּלוּט נַא דִיא צְווַיי בְּרִידֶער לֶעבֶּען נִיט אַזוֹי אִין פְרִיעדֶען וִויא אִיךְ מִיט מַיין בְּרוּדֶער? (צייגט צום פלעשעל ארויסנעהמענד פון דער טאש, און טרינקט) אָבֶער קַאטִינְקַא, אִיךְ הַאלְט מִיר אִין אֵיין מַאכֶען אַפֶּעטִיט צוּם עֶסֶען, וִויא אִיז דָאס עֶסֶען צוּם אַפֶּעטִיט?

**קאטינקא:** (קומט אריין) דוּא בִּיזְט עֶם וַאסִילֶע? דֶער הֶערְר הָאט גֶעפְרֶעגְט אוֹיף דִיר.

**וואסילע:** וָואס ווִיל עֶר? אוֹיךְ פָאהְרֶען? און אִיךְ שְׁטַארְבּ פַאר הוּנְגֶער.

**קאטינקא:** וָואס עֶר ווִיל, ווֵייס אִיךְ נִישְׁט, עֶר הָאט מִיךְ עֶטְלִיכֶע מָאל אוֹיף דִיר גֶעפְרֶעגְט.

**וואסילע:** זָאל אִיךְ אַרַיין גֶעהְן.

**קאטינקא:** אֶט קוּמְט עֶר אַ הֶער.

(אויפטריט קארל, אין אנגליזעה, זעהט וואסילען צארנינג קוקט אויף איהם, וואסילע וויל קושען די האנד)

**קארל:** (שטויסט איהם וועג) ווֶעג! בֶּעריהְרֶע נִישְׁט מַיין הַאנְד, מִיט דַיין שְׁמוּצִיגֶעם מוֹיל... זָאגֶע מִיר ווַארוּם הָאסְטוּ יֶענֶעם אַלְטֶען מַאן אִיבֶּער פָאהְרֶען? אִיךְ בִּין גְרַאדֶע גֶעוֶועהְן אִין גָארְטֶען און הָאבּ עֶם פוּן ווַייטֶען גֶעזֶעהְן.

**וואסילע:** אִיךְ... אִיךְ הָאבּ גֶעקְנַאקְט מִיט דֶער בֵּייטְשׁ עֶר זָאל זִיךְ אַוֶועקְרוּקֶען, אָבֶער עֶר הָאט מִיךְ נִישְׁט גֶעהֶערְט, בִּין אִיךְ אוּמְגֶערִין אַרוֹיף מִיט דִיא פֶערְד אוֹיף אִיהֶם.

**קארל :** נֵיין דוּא הוּנְד, אַבְּזִיכְטְלִיךְ הָאסְטוּ עֶס גֶעטְהוּן, וֶוען דֵיינֶע פְּפֶערְדֶע הָאבֶּען דֶעם אַרְמֶען מַאן אוּמְגֶעשְׁמִיסֶען, אַנְשְׁטַאדְט שְׁנֶעל אַבְּצוּלֶענְקֶען אוּן אִיהְם בֵּייצוּשְׁטֶעהְן הָאסְטוּ נוּר גֶעלַאכְט אִיבֶּער זֵיין הִילְפְסְגֶעשְׁרֵיי.

**וואסילע :** נוּ, אוּן וֶוען אִיךְ זָאל אִיהְם גֶעוֶועהְן אִין גַאנְצֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען וָואלְט אוּיךְ נִישְׁט גֶעוֶועהְן קֵיין גְרוֹיסֶער שָׁאדֶען, סְ'אִיז דָאךְ נִישְׁט מֶעהְר גֶעוֶועהְן וִויא אַ אוּמְרֵיינֶער יוּד.

**קארל :** (גיבט איהם א פאטש) מַארְשׁ! דוּא הָאסְט בֵּייא מִיר נִישְׁט מֶעהְר וָואס צוּ טְהוּן, דוּא בִּיזְט עֶנְטְלַאסֶען.

**וואסילע :** אוּנְגֶעפַּאטְשְׁט אוּן אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פַאר אַזַא קְלֵיינִיגְקֵייט!

**קארל :** אוֹיס מֵיינֶע אוֹיגֶען, אִיךְ קֶען דֵיין עֶקֶעלְהַאפְטֶע אַרְבֵּייט נִישְׁט לֶענְגֶער אַנְזֶעהְן, גֶעה, אָדֶער אִיךְ בְּרֶעךְ דִיר דֶעם קָאפּ!

**כאטינקא :** אָבֶּער קַארְל מֵיין לִיעבְּלִינְג, רֶעג דִיךְ נִישְׁט אוֹיף צוּ לִיעבּ זָא אַיין שְׁוֵויינְסְקֶערְל (צו וואסילע) גֶעה זָאגְט מֶען דִיר, אָדֶער וִוילְסְטוּ פֶערְזִיכֶען מֵיינֶען אַ פַּאטְשׁ.

**וואסילע :** יָא, יָא, וַואסִילֶע גֶעהְט, אָבֶּער וַואסִילֶע לָאזְט זִיךְ אוּמְזָאנְסְט נִישְׁט פַּאטְשֶׁען.

**כאטינקא :** נוּן גֶעה שׁוֹין, זָאגְט מֶען דִיר, דִיא פַארְשִׁימֶעלְטֶע מַאמֶעלִיגֶע.

**וואסילע :** אִיךְ גֶעה, אִיךְ גֶעה, אָבֶּער אִיךְ וֵוייס אוֹיךְ וואוּהִין אִיךְ גֶעה, אִיהְר זָאלְט וַואסִילֶען גֶעדֶענְקֶען (אב). קארל זיצט ביים טיש מיט דעם קאפ אויף זיי האנד בליקט וויא טרוימענט.

**כאטינקא :** קַארְל, אוֹיפְגֶערֶעגְט הָאסְטוּ דִיךְ הַיינְט שׁוֹין מֶעהְר וִויא אַלֶע מָאל, אָבֶּער גֶענֶעכְטֶען הָאסְטוּ נָאךְ גָאר נִישְׁט... קַארְל דוּא הֶערְסְט נִישְׁט וָואס אִיךְ רֶעד' צוּ דִיר.

**קארל :** (ווי טרוימענד) הַיינְטֶע אִיז אִיהְר הָאכְצֵייטְס־טָאג.

**קאטינקא :** פַאנְטַאזִירְסְט נָאךְ אַלְץ פוּן אִיהְר.

**קארל :** הַיינְטֶע אִיז אִיהְר הָאכְצֵייטְס־טָאג, אוּן אָהְנֶע זֶעלְבְּסְט צוּ וִויסֶען וָואהִין אִיךְ גֶעה הָאבֶּען מִיךְ מֵיינֶע פִיסֶע פַאר אִיהְר הוֹיז פַארְבֵּייא גֶעפִיהְרְט, עֶס הָאט מִיךְ גֶעטְרִיעבֶּען דוּרְךְ דִיא פֶענְסְטֶער הִינֵיין צוּ זֶעהְן פַאר מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאט אִיהְר עֶנְגֶעלְגֶעשְׁטַאלְט פָארְבֵּייא גֶעשְׁוֶועבְּט אוּן עֶס לֶעבֶּע דָאס בְּרוֹיטְפַּאאר הָאבֶּען מֶעהְרֶע שְׁטִימֶען אוֹיסְגֶע־

שריעניען. מיט געוואלד האב איך מיך פון דארט וועקגעריסען ענטלאפען וויא א פערפאלגטער גנב, אבער דען גאנצען וועג אונטער מיר האט עס נישט אויפגעהערט צו שרייען עם לעבע דאם ברויטפאאר.

**כאטינכא :** וועה מיר מיין קארל, קום צו מיר שרעק דיך ניט.

**קארל :** אה! וועלכער שוועכלינג, וועלכעם פייגלינג איך בין זי איז שטער־קער, ויא איז איינע העלדען, איך אבער קען דעם שמערץ נישט אויסהאלטען, איך קען נישט, איך קען נישט.

**כאטינכא :** איך מוז רופען דעם דאקטער. (אב).



## פערוואנדלונג.

(צימער ביי דוד א געדעקטער טיש מיט לעקיך און אנדערע זאכען אנגעמאכטע פלעשעל בראנפען. מרים שטעהט אראנזשירט און זיפצט אלע מאל).

**מאיר:** (פריילוך זינגענדיג) וואס איז דאס? אזוי איז מען א מחותנת׳טע? אין דעם טאג ווען מען גיט אוים א טאכטער מאכט מען א זויער פנים?

**דוד:** (קומט אריין) מרים׳ל, דער דאקטער האט געזאגט אז מיר האבען זיך נישט וואס צו שרעקען. אונזער קינד איז חלילה נישט אין איין סכנה, עם וועט באלד פאריבערגעהן.

**מאיר:** וואסזשע? די כלה איז ניט מיט אלעמען?

**מרים:** וואס האט דער דאקטער געזאגט איז איהר?

**דוד:** הערצלייידען.

**מאיר:** א נעכטיגער טאג, זאלען אונזערע שונאים אזוי קענען הערען שופר של משיח ווי א דאקטער קען הערען וואס אין הערצען ביים מענשען טהוט זיך, אט בין איך א שדכן, און האב געקעכערטע אוירען, פאר וואס הער איך ניט? אבער איך וועל אייך זאגען וואס רחל׳ן פעהלט, אין דעם טאג פון א חופה דארף א כלה פאסטען. זיא איז דאך אבער א מיידעל פון דער היינטיגער וועלט, נו, איך בעט אייך אז מ׳זעהט פאר זיך אזא לעקיך (עסט) אזויגע טארטעליך (עסט) אזא איינגעמאכץ (עסט) האט זיך איהר אוודאי דער מאגען פערדארבען.

**מרים:** אוי איז מיר, דו ביזט דאך טאג און נאכט פערטראגען אין דיינע געשעפטען, און האסט קיין צייט נישט געהאט זיך רעכט צוצוקוקען צו איהר, מיר אבער ווייסט דאס הערץ צוצוזעהן וויא זיא ליידעט, זיא זאגט גאר נישט, זיא שווייגט, אבער איהרע מאמעס אויגען זעהן.

**דוד:** זיא איז מיט דעם חתן נישט צופריעדען?

**מאיר:** (ערשראקען) גאט איז מיט אייך.

**דוד:** האבען מיר עס נישט איבערלאסען איהר אייגענעם ווילען? האט זיא דאמאלס נישט געזאגט יא, ווען מיר האבען זיא געפרעגט?

**מרים:** איך ווייס, מיר קומט עפּיס אַזוי פאר, אַז זי וואלט אויף סיי וועמען געוואָנט יאָ.

**דוד:** ביזטו דאך דערויף אַ מאַמע זיצט אַ גאַנצען טאָג מיט איהר אין איינעם און האָסט צייט געהאט זיא אויסצופאָרשען.

**מרים:** וויא אַזוי, אַז זי האַלט אין איין שווייגען, סיי אויף וואס איך האב זי געפרעגט, האט זי נור געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, ווייטער איז קיין וואָרט פון איהר אַרויס צו קריגען.

**דוד:** רבונו של עולם! פאַרוואס האָסטו מיר בעסער נישט געגעבען צעהן זוהן, איידער איין טאָכטער? וואס האב איך מיך שוין אויסגעשטאַנען פון דער איינער טאָכטער.

**מאיר:** גאט איז מיט אייך, וואס איז דא אַזוינס? פאַלגט מיך, איהר שרעקט אייך אומזאָנסט. איהר שטעלט נור צו מזל אַ חופּה, וועט איהר זעהן וויא זיא וועט באַלד אין איהם פערגעסען, וויא אין אַ חלום (טרינקט) לחיים פון היינט איבער אַ יאָהר אויף אַ ברית.

**דוד:** דערפאַר האָבען מיר דאך בעשטימט אַז דיא חתונה זאָל זיין וויא אם שנעלסטען, וואָרן באַלד נאך דער חתונה וויל איך זיא זאָל אַוועק פאָהרען מיט איהר מאַן, נו, קום שוין, טהו דיך אָן, עס וועט שפּעט (אב).

**מרים:** אוי דער מאַמען, גאט ווייסט אויב מיט אַזאַ מאַן וועט זיא קענען פערגעסען אין יענעם.

**מאיר:** מרים׳ל! אָה, דא בעליידיגט איהר שוין מיך, האָב איך אייך דען פערקויפט אַ קאַטץ אין אַ זאַק? איהר האט דאך איהם אַלע געזעהן, אמת ער איז נישט צו אַ איבערגעשפּיצטער, דערפאַר אָבער איז ער דאך איין אונגעדאפּטשיטער עושר וואס פאר אַ גוטץ וועט זיא דען ביי איהם נישט האָבען?

**מרים:** פאר מורא, פאר בושה, האָבען מיר דאַמאָלס אַזוי דיא קעפּ פערלוירען אַז מיר האָבען זיך אַפילו נישט רעכט צוגעקוקט צו איהם, און באַלד איז ער ווידער אַוועק, און היינט קוים נאך פיער וואָכען איז שוין דיא חתונה, אוי ר׳ מאיר, הלואי זאָל מיר אייך נישט דערפאַר שעלטען (אב).

**מאיר:** שֶׁעלְט מִיךְ װער איך בָּטֵל, אַבִּי פַּרְנָסָה (קוקט ארויס) הַא חָתָן דוֹמֶה לְמֶלֶךְ, ער גֶעהט. בָּרוּךְ הַבָּא טוֹדְרִיס בוק!

(אויפטריט טודריס, א פערגרעבט פנים אויסגעפיצט)

**מאיר:** קוּמְסְט עֶרְשְׁט אָן פֿוּן יַאסִי?

**טודרים:** אָט, נור װאס איך בִּין גֶעקוּמֶען, מֵיינֶע עֶלְטֶערְן קוּמֶען עֶרְשְׁט פִינְף אַ זֵייגֶער, אָבֶּער װָאס הָאב איך עֶפִּים גֶעהֶערְט אַ דָאקְטֶער אִיז דָא גֶעװֶעהְן װֶעגֶען רָחֵל׳ין?

**מאיר:** דָאס בִּיזְטוּ שוּלְדִיג, פַּאר װָאס בִּיזְטוּ אַזוֹי שְׁפֶּעט גֶעקוּמֶען, דִי כַּלָה הָאט זִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק נָאךְ דִיר פֶערְבֶּענְקְט, אַז זִיא הָאט פֶערְקְלֶעמְט בֵּיים הֶערְצֶען, און מְ׳הָאט גֶעמוּזְט בְּרֶענְגֶען אַ דָאקְטֶער.

**טודרים:** (לאכט) פּוּנְקְט פֶערְקֶעהְרְט, איך בִּין דָאךְ גֶעקוּמֶען נָאךְ צוּ פְּרִיה, װייל איך הָאב גֶעװָאלְט עֶפִּים רֶעדֶען מִיט רָחֵל׳ין נָאךְ אֵיידֶער עֶפִּים אִיז. װָאס טְהוּט זִיא?

**מאיר:** װָאס זָאל זִיא טְהוּן? זִיא אִיז שׁוֹין ב״ה װִיעדֶער גֶעזוּנְד, און אַז זִיא װֶעט נור דֶערְהֶערֶען אַז דוּ בִּיזְט שׁוֹין דָא, װֶעט זִיא מִן הַסְתָּם בַּאלְד קוּמֶען צוּ פְלִיהֶען.

**טודרים:** נֵיין טַאקֶע אִין קַאטוֹװעֶס, װָאס פֶעהְלְט רָחֵל׳ין?

**מאיר:** פֶערְשְׁטֶעהְסְט נִישְׁט אַלֵיין, זִיא הָאט מִן הַסְתָּם אַ שְׁװֶעהֶרֶען תַּעֲנִית.

**טודרים:** װָאס? זִיא פַּאסְט גָאר?

**מאיר:** נוּ, און דִיא פַּאסְט נִישְׁט?

**טודרים:** איך לַאךְ מִיךְ אוֹיס פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען. איך בִּין װִיא זָאגְט מֶען עֶם אֵיין הַיינְט מָאדִישֶׁער, אֵיין גֶעבִּילְדֶעטֶער.

**מאיר:** מֶען זֶעהְט עֶם אוֹיף דֵיין פָּנִים.

**טודרים:** איך זָאל פַּאסְטֶען? אַזוֹי װִיא דִיא קוּקְסְט מִיךְ אָן, בִּין איך אַ װֶעלְטְלִיכֶער, דוּ װֵייסְט דָאךְ אַז מֵיינֶע עֶלְטֶערְן הַאנְדְלֶען מִיט אַלֶערְלֵיי עוֹפוֹת, און איך אַלֵיין הַאנְדֶעל מִיט חֲזִיר הָאהר, דֶערִיבֶּער קוּם איך אַ סַךְ צְװִישֶׁען גוֹיִם, און נִישְׁט אֵיינְמָאל הָאב איך אֲפִילוּ מִיט זֵייא גֶעגֶעסֶען, װָאס דָען מֵיינְסְטוּ אַ גֶעבִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ לַאכְט זִיךְ אוֹיס פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען, גְטֹה זָאג אִיהר אַז איך בִּין שׁוֹין גֶעקוּמֶען, זִיא מֶעג עֶסֶען, איך נֶעם אוֹיף מִיר דִי עֲבֵירָה, זָאג אִיהר אַז איך בִּין אִיהר מַתִּיר מַתִּיר אֱסוּרִים.

**מאיר:** מַתִּיר נֶדֶר.

**טודרים:** יָא מַתִּיר לֶעדֶער! עֶסְעְן דַארְף אַ מֶענְש אִיז עֶר גֶעזוּנְד, פַארְוָואס דֶען אִיז מִיר רָחֶל׳ע אַזוֹי גֶעפֶעלֶען, נוּר אַיין קוּק הָאבּ אִיךְ אוֹיף אִיהר גֶעגֶעבֶּען, אַיין קוּק פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאבּ, הָאבּ אִיךְ בַּאלְד צוּ מִיר גֶע-זָאגְט, טוֹדְרִים, דָאס אִיז אַ סְחוֹרָה, דֶערְנָאךְ, אוּן דֶערְנָאךְ גֶעזוּנְד, אַ הַא אִיךְ בִּין אַ מֵבִין, מַיינֶע עֶלְטֶערֶען הַאנְדְלֶען מִיט אַלֶערְלַיי עוֹפוֹת אוּן אִיךְ...

**מאיר:** אוּן דוּ מִיט חַזֶר הָאהָר, גֶענוּג מִיר אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט דַיין יִחוּס... הֶערְזְשֶע טוֹדְרִים אַ כַּלָּה גִיבּ אִיךְ דִיר זָאל אִיךְ אַזַא יָאהְר הָאבֶּען, אָבֶּער וָואס פַאר אַ חָתָן אִיךְ גִיבּ נֶעבִּיךְ אִיהְר... דָאס מִיר נִישְׁט אוֹיף דָאס מוֹיל, זָאג מִיר נוּר, פַארְוָואס בֶּעצָאהְלְסְטוּ מִיר נִישְׁט וָואס מִיר קוּמְט.

**טודרים:** וָואס הָאסְטוּ אַזוֹי קַיין צַייט נִישְׁט, אִיךְ וֶועל דִיר שׁוֹין מִן הַסְתָּם עֶפִּים גֶעבֶּען.

**מאיר:** וָואס? עֶפִּים? וָואס הֵייסְט עֶפִּים? דוּ ווייסְט וָואס מִיר קוּמְט עַל פִּי דִין צְווַיי פוּן דֶעם הוּנְדֶערְט, צֶעהֶן טוֹיזֶענְד רֶענְדְלִיךְ הָאסְטוּ אַלַיין, קוּמְט מִיר שׁוֹין דֶערְפוּן 200, אוּן הַיינְט פוּן דֶעם נַדְן וָואס דוּ בֶּעקוּמְסְט פוּן דֶעם מְחוּתָּן, אַ נוּ, אוֹיךְ אַ חֶשְׁבּוֹן?

**טודרים:** אַ חֶשְׁבּוֹן זָעהְסְטוּ דָאס קֶען אִיךְ דִיר גֶעבֶּען, מֵילָא פוּן מַיינֶע צֶעהֶן טוֹיזֶענְד בֶּעקוּמְסְטוּ גָאר נִישְׁט, אוּן פוּן דֶעם נַדְן וָואס אִיךְ בֶּעקוּם פוּן דֶעם מְחוּתָּן, דֶער וֶוערְט אוּנְגֶעלֶעגְט אוֹיף צְווַיי יָאהר, וַוארְטְזְשֶע בִּיז נָאךְ דִיא צְווַיי יָאהר, וֶוען אִיךְ וֶועל מַיין גֶעלְד בֶּעקוּמֶען וֶועסְטוּ דַאמָאלְס אוֹיךְ עֶפִּים בֶּעקוּמֶען.

**מאיר:** אַז בֶּעקוּמֶען זָאלְסְטוּ דִיא קִינְדֶערִישֶׁע זַאךְ, דָאס אִיז מַיין לוֹין דֶערְפַאר וָואס אִיךְ גִיבּ דִיר אַזַא כַּלָּה?

**טודרום:** וָואס הָאבּ אִיךְ מוֹרָא פַאר דִיר? רָחֶל׳ע אִיז שׁוֹין אַזוֹי וִויא בַּייא מִיר אִין דֶער קֶעשִׁינֶע.

**מאיר:** עֶס קֶען זִיךְ אָבֶּער דִיר מַאכֶען אַ לָאךְ אִין דֶער קֶעשִׁינֶע אִין זָאלְסְט זִיא פֶערְלִיעֶרֶען.

**טודרים:** אוּן אִיךְ הֶער דִיךְ וִויא דִיא בְּלָאטֶע.

**מאיר:** הֶערְזשֶׁע טוֹדְרִים, מֵילֶא דוּא בִּיזְט אַ גְרָאבֶּער יוּנְג, אוּן וֵוייסְט גָאר נִישְׁט, אִיךְ אָבֶּער בִּין אַ לַמְדָן, ווייסְטוּ וָואס דִי הֵיילִיגֶע סְפָרִים שְׁרַייבֶּען אַז דֶער חָתָן בֶּעצָאהְלְט נִישְׁט דֶעם שַׁדְכָן וָואס אִיהם קוּמְט.

**טודרים:** נוּ?

**מאיר:** אִיז, אָדֶער דֶער חָתָן נֶעמְט אַיין אַ מִיתָה מְשׁוּנָה, אָדֶער דִיא כַּלָה שְׁלָאגְט מִיט אִיהם כַּפָּרוֹת.

**טודרים:** אַזוֹי שְׁרַייבֶּען דִיא הֵיילִיגֶע סְפָרִים?

**מאיר:** אוּן אַז זֵייא וֵוייסֶען וָואס זֵייא שְׁרַייבֶּען הָאסְטוּ אַ סִימָן אִין דַיין עֶרְשְׁטֶער כַּלָה, וֶועלִיג שְׁוָארְם טָאכְטֶער, דַאמָאלְס הָאסְטוּ מִיר אוֹיךְ נִישְׁט בֶּעצָאהְלְט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶן דֶער סוֹף הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דִיא כַּפָּרָה מִיט דִיר פַאר אַ שֵׁיגֶעץ.

**טודרים:** נוּ, זָאג אִיךְ דֶען חָלִילָה אַז אִיךְ בֶּעצָאהל נִישְׁט? שַׁא הַיינְט קוּמֶען שׁוֹין דִיא גֶעסְט, שַׁא מֵאִיר עֶס וֶועט זַיין רֶעכְט, מִיר וֶועלֶען זִיךְ נִישְׁט קְרִיגֶען.

**מאיר:** אָט אַזוֹי רֶעד. (מקבלים, געסט קומען אריין, זינגען, זעצען זיך צום טיש, מאיר אב).

**שמש** (מיט א חופה)**:** מַזָל טוֹב, מַזָל טוֹב חָתָן, אָט הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעבְּרַאכְט דִיא חוּפָּה (ער טרינקט).

**טודרים:** שַׁמָשׁ!

**שמש:** חָתָן לֶעבּ! (טודרים לעגט דיא האנד אין די קעשינע).

**שמש:** (פריילעך) חָתָן דוֹמֶה לְמֶלֶךְ דֶער זְכוּת פוּן צְדָקָה קוֹדֶם הַחוּפָּה זָאל אַייךְ בַּיישְׁטֶעהְן, אַז דֶער זִיוּוג זָאל עוֹלֶה יָפֶה זַיין (ער ווארט ער זאל איהם עפיס געבען).

**טודרים:** (נעמט א ציגאר) שַׁמָשׁ אַ צִינְדְהֶעלְצֶעל.

**שמש:** (ברוגז) תֵּיכֶף, וּמִיַד, (גיבט איהם צו פעררייכערען) דִיא כַּלָה אִיז נָאךְ אַפָּנִים נִישְׁט פֶערְטִיג, אוֹי חָתָן לֶעבּ, אוֹי הָאט אִיהר אַ כַּלָה, אַזַא יָאהר זָאל מִיר זַיין, הָאט אִיהר זִיא שׁוֹין גֶעהֶערְט שְׁפִּיעלֶען אוֹיף דֶעם פִּיאַן.

**טודרים:** נֵיין.

**שמש:** נֵיין? וֵוייסְט אִיהר דָאךְ גָאר נִישְׁט וֶועמֶען אִיהר נֶעמְט?

**טודרים:** אָט בַּאלְד וֶועל אִיךְ שׁוֹין יָא וִויסֶען, אִיךְ קֶען אוֹיךְ שְׁפִּיעלֶען, נוּר נִיט אוֹיף דֶעם פִּיאַנָא, נוּר אוֹיף דֶעם קְלַארְנֶעט.

**שמש:** אַזוֹי? קֶענְט אִיהר אוֹיךְ מוּזִיק?

**טודרים:** מִיךְ הָאט גֶעלֶערְנְט אַ דַייטְשׁ.

**שמש:** אַ דַייטְשׁ? גֶעווִים אַ פְּרָאפֶעסָאר.

**טודרים:** נִישְׁט נוּר אַ פְּרֶעסֶער נוּר אוֹיךְ אַ טְרִינְקֶער, גֶעקָאסְט הָאט עֶר מִיךְ צְווֵיי גְלָאז בִּיעָר אַ טָאג, אוּן הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז אִיךְ הָאב אַ טַאלֶאנְט, נוּר אֵיין חֶסְרוֹן אִיז מִיר דָאךְ פֶערְבְּלִיעבֶּען, ווייל אִיךְ בְּלוֹזֶען מִיט דֶעם מוֹיל קֶען אִיךְ נִישְׁט קְלַאפֶּען מִיט דִיא פִינְגֶער, ווייל אִיךְ קְלַאפֶּען מִיט דִיא פִינְגֶער קֶען אִיךְ נִישְׁט בְּלוֹזֶען מִיט דֶעם מוֹיל. אָבֶּער פַאר וָואס טְרִינְקְט נִישְׁט מַיין לִיעבֶּער גַאסְט.

**טודרים:** (טרינקען) לְחַיִים! גָאט זָאל הֶעלְפֶען, דֶער זִיווּג זָאל עוֹלֶה רֶגֶל זַיין.

**מאיר:** (קומט אריין) מִיר דַאכְט זִיךְ אַז דֶער זִיווּג הָאט שׁוֹין עוֹלֶה רֶגֶל גֶע-וָועהן (זוכט אומעדום) פְּלוּצִים זָאל מֶען גָאר נִישְׁט ווִיסֶען ווִיא זִיא אִיז, דָא נִישְׁט, דָארְט נִישְׁט, ווִיא אִיז זִיא?

(אויפטריט דוד, מרים, אויפטריט).

**מרים:** (וויינט) דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעזָאגְט, וֵויי אִיז צוּ מִיר.

**דוד:** ווִיא הָאסְטוּ זִיא גֶעלָאזְט?

**מרים:** אִין אִיהר טֶעאַלֶעט שְׁטִיעבּ!

**דוד:** אַלֵיין?

**מרים:** זִיא הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אִיךְ זָאל זִיא פִיר אַ קוּרְצֶע ווַיילֶע לָאזֶען אַלֵיין, אוּן ווֶען אִיךְ בִּין ווִיעדֶער צוּרִיק גֶעקוּמֶען, הָאב אִיךְ זִיא נִישְׁט מֶעהר גֶעפוּנֶען.

**ארע:** וָואס גֶעהט דָא פָאר?

**טודרים:** וָואס אִיז דָא, לָאם אִיךְ אוֹיךְ ווִיסֶען?

(זלמן אביסעלע פאר טרינקען, דיענער מיט א בריעף).

**זלמן:** אַ בְּרִיעף פוּן מַיין קִינְד. מִיר טַאנְצֶען דִי בּוּכְשְׁטַאבֶּען פַאר דִי אוֹיגֶען, אִיךְ קֶען נִישְׁט לֶעזֶען.

**דוד:** (לעזט) גֶעלִיעבְּטֶע עֶלְטֶערֶען! אִין מֵיינֶער פֶערְצְווֵייפְלוּנְג אִיז מִיר דָא וָואהל גֶעבְּלִיעבֶּען דָאס לֶעבֶּען צוּ פֶערְלָאזֶען אָדֶער דָאס עֶלְטֶערְן הוֹיז. גֶעשֶׁעהן אִיז דָאס לֶעצְטֶע, צוּם צְווֵייטֶען מָאל הַאבְּט אִיהר אֵייעֶר קִינְדֶם לֶעבֶּען יֶענֶעם גוּטֶען עֶנְגֶעל צוּ פֶערְדַאנְקֶען, דֶען שָׁאהן הָאט מִיךְ דִיא

פערצווייפלונג צו דער דאנוי געטריעבען, אבער ער וועלכער האט מיך שוין איין מאל פון פייער גערעטעט וואהר אויך יעצט מיין שוץ־ענגעל פון וואסער טוידט. און אין זיינעם הויזע בין איך יעצט, פער־צייהט! איך קענטע נישט אנדערש, איך פערבלייבע אין עוויגער ליעבע אייער ראשעל (ער פערליערט דעם בריעף).

**דוד:** מיין שולד מיין אייגענע שולד!

**מרים:** מיין קינד אונגליקליך קינד!

**מאיר:** העלפט, איך ערשטיקע... איך ערשטיקע (פאלט צו די ערד)

**אלע:** (לויפען און שרייען) וואסער! הילפע!





## פערוואנדלונג.

(איינפאכעם צימער).

(מ א י ר מיט'ן ש מ ש מיט דער חופה אויף דיא אקסעל).

**מאיר:** נו שַמָש וָואס זָאגְט איהר עֶפִּים צוּ אַזַא חֲתוּנָה אֶט הָאט אִיהר דִיא גְלִיקֶען פוּן אַ שַדְכָן.

**שמש:** אַזַא בּוּשָׁה אַזַא וֵוייטָאג בֶּעהִיט זָאל מֶען וֶוערֶען, בֶּעסֶער אַ שְׁטֵיין אִין בּוֹיךְ אֵיידֶער אַזַא טָאכְטֶער.

**טודרים:** (קומט) אוּן אִיךְ וֵויים אַלְס נָאךְ נִישְׁט וָואס דָא אִיז, ר' מֵאִיר וָואס אִיז דָא אַזוֹינְס גֶעשֶׁעהֶן?

**מאיר:** הָאסְט דֶען נִישְׁט גֶעהֶערְט דֶעם בְּרִיעף?

**טודרים:** אִיךְ הָאבּ נִישְׁט פֶערְשְׁטַאנֶען אֵיין וָוארְט זָאג מִיר פְּרָאסְט יוּדִישׁ אִיז רָחֵל חָלִילָה אַנְטְלָאפֶען.

**מאיר:** נִישְׁט חָלִילָה נָאר מַמָשׁ אַנְטְלָאפֶען.

**טודרים:** אַנְטְלָאפֶען אַזוֹי וִויא מַיין עֶרְשְׁטֶע כַּלָה אוּן אֶפְשֶׁר אוֹיךְ מִיט אַ שֵׁיגֶעץ.

**מאיר:** נִישְׁט אֶפְשֶׁר נָאר אַ וַדַאי... וָואס קוּקְסְטוּ אוֹיף מִיר אַזוֹי בֶּעז?

**טודרים:** מֵאִיר דְרֵייעֶר זוּכְט אוּמֶעטוּם אוּיס פַאר מִיר אַזוֹינֶע כַּלוֹת וָואס אַנְטְלוֹיפֶען מִיט שְׁקָצִים, אִיךְ רֵייס דִיר אוּיס דִיא בָּארְד אוּן פֶערְקוֹיף זִיא דִיר פַאר חַזִיר הָאר. פַאר וָואס הָאסְט דוּא מִיךְ צְוֵוייא מָאהל בֶּעשְׁווינְדֶעלְט? (ער וויל צו, שמש לאזט נישט).

**מאיר:** אַ מִצְוָה אוֹיף דִיר פַאר וָואס הָאסְטוּ מִיר נִישְׁט בֶּעצָאהלְט מַיין אָרֶעם שַׁדְכָנוּת גֶעלְד. וֶועהְסְטוּ שׁוֹין אַז דִיא הֵיילִיגֶע סְפָרִים וֵוייסֶען שׁוֹין וָואס שְׁרַייבֶּען.

(שמש וויל געהן מיט דער חופה).

**טודרים:** אֶט דָאס הָאט גֶעזָאלְט זַיין מַיין חוּפָּה אוּן וָואס הָאט זִיךְ דֶערְפוּן

אויסגעלאָזט האָט מען נאָך אַזוינס געהערט אַז פאַר אַ חתונה זאָל אַ יודישע טאָכטער אַנטלויפען מיט אַ ליעבהאָבער. פאַר אַ חתונה!

**מאיר:** וואָלט עס דיר נאָך דער חתונה בעסער געפעלען?

**טודרים:** און אַזוינע שדוכים רעדסטו מיר?

**מאיר:** וואָס בין איך שולדיג אַז אַלע מיידלעך אַנטלויפען פון דיר?

**שמש:** טרייסטו אייך יונגער מאַן אין מיין משפחה איז נאָך אַ גרעסער אומגליק געשעהן דאָרט איז נאָך דער חתונה דאָס ווייב אַנטלאָפען מיט אַ ליעבהאָבער.

**מאיר:** און אפשר אויך מיט אַ שגץ.

**שמש:** ניין טאַקע מיט אַ יוד טאַקי מיט דעם מאַנס איין אייגען געשוועסטערקינד.

**מאיר:** נו איז זיא דאָטש פערבליבען אין דער משפחה! הער מיך אויס טודרים דאַרפסט דיך נישט אַזוי ערגערין מאיר דרייער לעבט נאָך ב״ה און דו וועסט קיין בחור נישט פערזיצען. זאָג מיר טודרים דיא קענסט פון דעם שוהל הויף משה הינדיגס אוי האָט ער אַ מיידיל זיא וועט שוין נישט אַנטלויפען.

**שמש:** פאַר וואָסזשע?

**מאיר:** ווייל זיא האָט קיין פיעס!

**טודרים:** לאָז מיך צו איהם (זייא שלאגען זיך)

**שמש:** אַ פע! (לאָזט נישט, אב מיט דער חופה)

**מאיר:** אָט האָב איך בעקומען מיין שדכנות.

(זינגט דעם שרכן).





## פערוואנדלונג.

(עלעגאנטעס צימער ביי קארל)

(קארל מיט קאטינקא)

**קארל:** זיא שײנט שוין יעצט פיעל רוהיגער צו זיין.

**קאטינקא:** אָבער מען דארף זיא נישט אויפרעגען דער דאקטער האט דערפאר שטארק געווארענט (מען הערט קלינגען)

**קארל:** איין בעזוך. זייא זא גוט קאטינקא ווער עס אויך איז, זא איך בין פיר ניעמאנדען צו הויזע.

**קאטינקא:** (אב באלד צוריק) עס איז איין אלטער מאן ער זאגט ער איז איהר אנקעל.

**קארל:** ער? נו גוט, זאג איהם ער איז מיר ווילקאמען.

(קאטינקא קומט מיט זלמן, קאטינקא אב)

**קארל:** ווילקאמען הערר קאהן ביטע נעמען זיא געפעליגם פלאטץ.

**זלמן:** אז איך זאל אמאל זיין אייער גאסט האט איהר געוויס נישט ערווארטעט איך אבער נאך וועניגער, דאך צור זאכע יוננער מאן איך בין געקומען מיט אייך רעדען פרייא און אפען.

**קארל:** ביטע הערר קאהן.

**זלמן:** מיט דעם געלד האב איך געוואלט גרינדען א שפיטאל נאך דעם טוידט פון מיין פרוי, אבער... אויך דאס איז א וואהלטאט, איך גיב עס אייך אוועק.

**קארל:** מיר ווארום?

**זלמן:** לאזט מיר פריי מיין קינד.

**קארל:** וואס הייסט דאס?

**זלמן:** דאס איז דיא שווערע ארבייט פון מיין גאנץ לעבען, א רייכערער מיטגיפט דערפון האט איהר אייך נישט געקענט ווינשען נעמט עס אייך, און איהר ווערט אויך פטור פון א יודישקע.

קארל: הערר קאהן, איהר זענט ראשעלס אנקעל, און דערום לאז איך מיר זאלכע בעליידיגונג געפאלען, בימע נעהמען זיא איהר געלד צוריק פערשטעהט איהר דיען נישט, אדער ווילט איהר נישט פערשטעהן וואס צוויי יונגע הערצער בוזאממענפיהרט, האבען זיא דען גאר קיין הערץ?

זלמן: נו, און איהר גרויסער העלד האט א הערץ? איהר האט איך בע-ניצט מיט דער שוועריגקייט פון א פערבלאנזעט קינד, איהר האט גע-בראכט יאמער און טרויער אין איהר עלטערנהויז, זייערע קעפ מיט שאנדע בעדעקט, איז דען אין אייער ברוסט יא דא איין מענשענהערץ?... דאך ניין ניין אזוי וועלען מיר צו קיין צוועק נישט קומען, געלאסען וויל איך מיט אייך רעדען, אללזא נישט געלד איז אייער ציעל געוועזען, נור ליעבע, אייך שיינט אז איהר ליעבט אונזער קינד!

קארל: נישט מיר שיינט עס הערר קאהן, איך בין דעססען גאנץ זיכער.

זלמן: יעצט! יעצט זענט איהר זיכער, אבער וואס שפעטער וועט זיין, דאס בין איך זיכער, יונגער מאן איהר דארפט נישט דענקען און אייך אליין איהר דארפט אויך אין איהר דענקען, צווישען מאן און פרוי איז גענוג ווען איין טהייל איז אומגליקליך דאס אומגליק פון דעם צווייטען טהייל קומט שוין אומגערופען, און מיינט איהר דען אז רחל'ע וועט זיך נעבען אייך גליקליך פיהלען.

קארל: גאנץ זיכער יא.

זלמן: גאנץ זיכער ניין, איך קען מיין בלוט בעסער, וואס פאר א לעבען וועט איהר ביידע צוזאממען פיהרען.

קארל: איין גליקליך לעבען פון צוויי מענשען וועלכע ליעבען זיך.

זלמן: איין טרויריג לעבען פון צוויי מענשען, וועלכע וועלען אונצופריעדען מיט זיך אליין, די הייסע ליעבע פערגעהט באלד, אבער דיא ביטערע חרטה בלייבט עוויג צוריק, דיא וועלע פון א פרוי, איהר קאפ און איהר הערץ מוז נור זיין אויסגעפילט פון איהר מאן אליין אום גליקליך צו זיין, אבער אין רחל'עס קאפ וועלען מיר רעדען, מיר איהרע יודישע עלטערן און איך, ווען איהר וועט זיין מיט איהר אליין, און איהרע אויגען וועמען מיינט איהר וועט איהר דארט זעהן, נישט אייך, נור איין אלטען מאן מיט א וואססער בארד, וועלכער וועט שטענדיג

איהר נאמען רופען, זיא וועט פערוועלקען איהר שיינהייט פערליערען
און וועה וועה דעם טאג אין וועלכער איהר וועט פון אייער טרוים
ערוואכען, און וועט איינער אויף דעם אנדערען קוקען וויא צוויא
פרעמדע.

**קארל:** הערט מיך אוים העררר קאהן, היינטע וואהר איהר האכצייטס טאג
דער לעצטער טאג מיינער האפנונג. איך וואלטע וועק ענטלויפען אין
דער ווייטער וועלט, אבער וואוהין? פאר וועהמען ענטלויפען, פאר
מיר זעלבסט? וואו איזט דען אין דער ווייטער וועלט איין פלאטץ ווי
דאס הערץ ניכט קלאפט, אבער וויא פון איין אונוויעדערשטעהליכער
מאכט געטריעבען בין איך דאך ארויס פלעצליך זעהע איך מיך אם
אופער דער דאנוי ניכט ווייט פאר מיר איין פרויענגעשטאלט. נאך
איין מאמענט און דיא וועלען דער דאנוי העטען זיא פערשלונגען, ראש
אומפאנג איך זי מיט מיינע ביידען ארמען ציהע זי מיט אלער קראפט
פון דארט וועק, זיא ווענדעט אום איהר געזיכט, עס וואהר ראשעל,
דיא ברוסט מיינער זעעלע האבע איך דעם טוידט ענטריסען אליין,
און אוים פרייען ווילען האט זיא מיר אין מיין הויז געפאלגט יעטצט
איזט זיא מיינע, און נור מיינע, ניעמאנד קען זיא מיר ניכט ענטרייסען,
און זאל צווישען אונז ביידע איין וועלט פאלען, אונז שיידען קען
ניעמאנד מעהר.

**ראשעל:** (שטירצט אריין) אנקעל דוא גוטער ליעבע אנקעל, ביזט אויף מיר
בעזע? ניין, דאס דארפסט ניכט, דענקסט דוא נור דעם טויזענטסטען
טייל געוואוסט, וואס איך געליטען האבע, בין איך האב מיך צו
דיעזען שריט ענטשלאסען. אנקעל ווען איך נאך יעטצט לעבע, האבע
איהר נור איהם צו פערדאנקען, איהם האט דער הימעל אויסערווארטעט
אלס מיין רעטער צוגעשיקט, און דער גאט האט אין מיינער זעעלע
געשפראכען, פאלגע דיעזען מאן, ער איזט דיר פון דעם הימעל
בעשטימט.

**זלמן:** און איך האב מיך געוואונדערט אויף זעליג שור וויא אזוי ער קען
נאך ווייטער לעבען, נאך דעם זיין קינד איז מיט א קריסט אנטלאפען
אט לעב איך אויך, און דו שלאפסט אין דער מעשה יונגער מאן ווירט
איהר איין [illegible] אין אלטען מאן.

קארל : אַלֶעס הֶערְר קָאהן.

זלמן : לָאזְט מִיךְ אֵיינֶע וַוייִלֶע מִיט מֵיין קִינְד אַלֵיין.

קארל : מִיט פְרֵיידֶע, נוּר רֶעגְט זִי נִישְׁט צוּפִיעל אוֹיף. דֶער דָאקְטָער הָאט עֶס אִיהר שְׁטְרֶענְגְס פֶערְבָאטֶען (אב).

זלמן : אַז אִיךְ זָאל מִיט מֵיין קִינְד דֶערְפוּן רֶעדֶען זָאל אִיךְ דֶערְפוּן אֵיין פֶערְמִיטְלֶער... קוּם אַ הֶער צוּ מִיר קִינְד מֵיינֶס! נֵיין! נֵיין! אִיךְ וִויל דִיר נִישְׁט מַאכֶען קֵיין פָארְוואוּרְפֶע וִויר מֶענְשֶׁען זִינְדִיגֶען אַלֶע, וָוער אִיז דֶען רֵיין פַאר גָאט... אִיךְ וִויל נוּר פוּן דִיר רֶעדֶען, פוּן דַיינֶער צוּקוּנְפְט, זָאג מִיר טָאכְטֶער, הָאסְטוּ גוּט נָאכְגֶעדַאכְט אִין וָואס פַאר אַ וֶועלְט דִיא וִוילְסְט דָא אַרֵיין, קֶענְסְטוּ דִיזֶע וֶועלְט, קֶענְסְטוּ דִיזֶע קְרִיסְטְלִיכֶע וֶועלְט? אַ וֶועלְט פוּן הַאס פוּל שִׂנְאָה גֶעגֶען אַלֶעס וָואס טְרָאגְט דֶעם נָאמֶען יוּד... רָחֵל אִיךְ שְׁטֵעה יֶעצְט פָאר דִיר נִישְׁט אַלְס דַיין אֶנְקֶעל, נוּר אַלְס דַיין רִיכְטֶער, דוּרְךְ מִיר רוּפְט דָאס גַאנְצֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פָאלְק, אִיךְ רֶעד אַצִינְד צוּ דִיר אִים נָאמֶען פוּן דֶעם גָאט פוּן וֶועלְכֶען דוּ וִוילְסְט דִיךְ אַצִינְד עֶנְטְזָאגֶען.

ראשעל : נֵיין אֶנְקֶעל! אִיךְ טוֹיף מִיךְ נִישְׁט, עֶר פֶערְלַאנְגְט עֶס גָאר נִישְׁט פוּן מִיר.

זלמן : וָואס דֶען? דוּ בְּלֵייבְּסְט וַוייטֶער אֵיין יוּדִישֶׁקֶע, אוּן עֶר קְרִיסְט. וָואס הֶעסְטוּ זַיין זֵיינֶע אַ מֶעטְרֶעסִי? אָה דוּ פֶערְבְלָאנְזֶעסְט פֵייגֶלֶע פוּן דַיין נֶעסְט אַרוֹיס גֶעפְלוֹיגֶען, וָואס מֵיינְסְטוּ דֶען הָאט דֶער קְרִיסְט אִין דִיר לִיעבּ, דַיין קְלָארֶען פֶערְשְׁטַאנְד, דַיין גוּטֶעס יוּדִישֶׁעס הֶערְץ, נֵיין! דוּ בִּיסְט שֶׁעהן, אָט דָאס אִיז וָואס אִיהם רֵייצְט, עֶר וִויל דַיינֶע שֶׁענְהַייט, עֶר בַּאגֶעהְרְט דַיין פְלֵייש. שׁוֹין צְוֵויי טוֹיזֶענְד יָאהר פֶערְצֶעהְרֶען זֵייא יוּדִישׁ פְלֵייש, אוּן זֶענֶען נָאךְ נִישְׁט גֶעזֶעטִיגְט. שׁוֹין צְוֵוייא טוֹיזֶענְד יָאהר, אַז מִיר וֶוערֶען פוּן זֵייא גֶעשֶׁענְדֶעט, גֶעטְרֶעטֶען מִיט דִיא פִיס גֶעבְּרֶענְט אוּן גֶעבְּרָאטֶען, אִיז זֵייא אוֹיךְ נִישְׁט גֶענוּג, רֵיים הֶערוּנְטֶער פוּן דִיר דַיין פֶערְבְלֶענְדֶעט פְלֵייש, רֵיים הֶערוּנְטֶער אוּן מַאךְ דִיךְ הֶעסְלִיךְ! נֵיין! נֵיין! קִינְד מַיינְס, אִיךְ זִינְדִיגֶע גֶעגֶען גָאט מִיט מַיינֶע רֵייד זָא שֶׁעהן רָחֵלֶה בְּלִיהֶע קִינְד מַיינְס, בְּלִיהֶע וַוייטֶער אַזוֹיא וִויא דוּא הַאסְט בִּיז אַצִינְד גֶעבְּלִיהט, נוּר רֶעטֶע דַיינֶע אוּנְשׁוּלְד, רֶעטֶע אוּנְז אַלֶע.

(אויפטריט דוד מרים)

**מרים:** (וויינט) רחלע! טאכטער! גאטעניו! פארוואס האסטו מיך פון דער וועלט נישט צו גענומען, איידער אזוינס צו דערלעבען, דערפאר האב איך איבער דיר אזוי געציטערט, און דיך אבגעהיט וויא מיין אויג אין קאפ, וועו דוא ביסט נישט איצט געדאכט קראנק געוועו, האב איך וואכען לאנג נישט קיין אויג צו געמאכט, גאנצע נעכט געוואכט נעבען דיין בעט, און מיר געווינשען אז איך דיין מאמע זאל דיין אבלעזער זיין, און מיט וואס דאנקסטו מיר אצינד אב דאפיר (קניעט) נו טאכטער רייס מיר ארויס מיין הערץ ווען עס מאכט דיר פערגעניגען, רייס ארויס דער מאמעס הערץ, און צוטרעט עס מיט דיינע פוס.

**דוד:** דיין מאמע גיסט זיך בלוט פון דיא אויגען, און דוא שטעהסט און ריהרסט דיך נישט. האסטו שוין בעצייטען אנגעהויבען צו פעראכטען דיינע יודישע עלטערען.

**זלמן:** שרה׳לע מיין פרוי, ווי גליקליך ביסטו וואס גאט האט דיך פריער פון דער וועלט צו גענומען, און האסט נישט אזא וועהטאג. שרה אונזער קינד איז פאר אונז פערלאהרען פון דער וועלט, און פון יענער וועלט, פערלאהרען... פערלאהרען (ער פאלט צו דער ערדע).

**ראשעל:** (וויינט) אנקעל... ערוואכע... הילפע הילפע... (קארל קומט אריין).

**ראשעל:** דיך האט ניעמאנד זא גוט פערשטאנדען וויא איך, אבער צו שעהן וואהר אונזער טרוים אויך פערווירקליכט צו ווערען, קארל! זא לאנגע איך נאך אטהמען ווערדע, וועל איך נישט אויפהערען דיך צו ליעבען, יא ליעבען אבער נור מיט איינער שוועסטער, ליעבע, עס געהט נישט אנדערש, איך בין עס זא מיינע עלטערען שולדיג (ווארפט זיך אויף זלמנ׳ען) אנקעל! דריקע מיך צו דיינען גוטען פראמען יודיש׳ן הערצען, דיין קינד בין איך נאך יעטצט אויך, אומגליקליך אבער עהרליך... קומט מיינע ליעבען, קומט איך בין ווידער אייערע.

**קארל:** (וויל צו איהר) ראשעל!

**זלמן:** כום קינד מיינעס, אויף מיינע הענדע וועל איך דיך יעצט א היים טראגען, שטארק ריעזענשטארק פיעל איך מיך אצינד, איך טראג מיין יודיש קינד ווידער צוריק אין דער יודישער היים, קום קינד אויף מיינע הענדע (אב, קארל מיט א געשריי ברעכט, ער פאלט).

(פ א ר ה א נ ג.)

(ענדע דעם צווייטען אקטעס).



# דריטער אקט.

(איין רייכער זאאל בייא דוד׳ עס איז דיא סדר נאכט גדעקטער טיש מיט אלעם וואס געהער צום סדר ארום דעם טיש מעהרערע שטיהלען).

**מרים:** (שעהן געקליידעט בעקוקט דעם טיש) רחלה טאכטער דיא חרוסת האבען מיר פערגעסען.

**ראשעל:** (מיט א טעלער) היער מוטער זינד דיא חרוסות.

**מרים:** נו אין כוסות איז אויך דא גענוג ביים טיש, דער טאטע ווירד דאך מיטברינגען מעהר אורחים צום טיש ווייסט רחלה מאיר דרייער איז אויך פערבליבען בייא אונז צום טיש א פרעהליך יודיל איך האב איהם גערן.

**ראשעל:** יא ער איז זיין ארימקייט איז פיעל גליקליכער אלס מענכער אין רייכטהום.

**מרים:** שוין ווידער געזיפצט?

**ראשעל:** נור איין פארבערגעהענדע געדאנק.

**מאיר:** (קומט אריין מיט א ספר אין דער האנד) א גוט יו״ט.

**מרים:** גוט יו״ט ר׳ מאיר שוין נאך דער שוהל?

**מאיר:** נאר וואס אבגעדאווענט אוי האט איהר אבער א חזן איך האב דאך עפים שוין איבריג געהערט חזנים אין מיין לעבען, נאר אזוינס האב איך נישט געהערט, אזא קאטשען א דראנג, רחלה דיין טאטע איז גבאי פון דער שוהל האט ער מיך מכבד געוועזן אויף מארגען מיט מוסף דאווענען, דיא ביזט דאך א שטיקעל קענערין פון מוזיק קום מארגען אין שוהל אריין וועסטו הערען וואס מאיר דרייער קען. (זינגט) ומפני חטאינו, רחלה דאכט זיך דוא האסט גאר נישט געהערט וואס איך האב צו דיר גערעדט. וואסזשע נאך אלץ אזוי פערזארגט זייך רחלה פרייליך זאלסטו זיין היינט איז בייא אונז פסח, פסח זמן חרותנו

און דִיא מַאכְּסְט אַזַא וויִעֶר פָּנִים וִויא אַ אַלְטֶע יוּדֶענֶע נָאךְ זְכוּר בְּרִית
זָאג מִיר דֶעם אֱמֶת רָחֵלֶה טְהוּט דִיר אַלֶץ נָאךְ בַּאנְק וָואס דוּא בִּיזְט
נִישְׁט גֶעוָוארֶען אַ פְרֵיינְד מִיט אִיהם, דִיא וֵוייסְט שׁוֹין מִיט וֶועמֶען אִיךְ
מֵיין מִיט וַואסִילִין.

**מרים :** לָאזְט ר׳ מֵאִיר רֶעט נִישְׁט דֶערְפוּן.

**מאיר :** נֵיין מִרְיָם לָאזְט מִיךְ אַ בִּיסֶעל פִילָאזָאפִירֶען מִיט רָחֵל׳ען אִיךְ וֶועל
אִיהר בֶּעוַוייזֶען אַז נוּר אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען אִיז אֱמֶת און שֶׁעהן.

**ראשעל :** אֵייֶער פִילָאזָאפִיע ר׳ מֵאִיר אִינְטֶערֶעסִירְט מִיךְ זֶעהר וֶועניג לָאזְט
לִיעבֶּער דִיא גְלוֹיבֶּען גַאנְץ צוּפְרִידֶען.

**מאיר :** אִיךְ וָואלְט זִיא שׁוֹין צוּפְרִידֶען גֶעלָאזְט זִיא לָאזְט אָבֶּער מִיךְ נִישְׁט
צוּפְרִידֶען.

**ראשעל :** וָואס הֵייסְט?

**מאיר :** גַאנְץ רֶעכְט דֶער יוּדִישֶׁער גְלוֹיבֶּען הַאלְט מִיךְ צוּ, און דֶער גוֹיִשֶׁער
גִיט מִיר פֶּעטְשׁ.

**ראשעל :** יָא לֵיידֶער.

**מאיר :** נָאר אִיךְ וִויל דָאךְ דִיר בֶּעוַוייזֶען וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט
הֶערְזְשֶׁע בֵּייא אוּנְז אִין יַאסִי אוֹיף דֶער רוֹיטֶער בְּרִיק פְּלֶעגְט אַרוּם
גֶעהן אַ מִיסִיאָנֶער פוּן שְׁטִיבּ צוּ שְׁטִיבּ, אַזוֹי וִויא זַיין פָאטֶער פְלֶעגְט
אַרוּם גֶעהן מִיט אַלְטֶע קְלֵיידֶער זַייא צוּ פֶערְקוֹיפֶען אַזוֹי פְלֶעגְט זַיין
גֶע׳שְׁמַד׳טֶער זוּהן זִיךְ אַרוּם טְרָאגֶען מִיט דֶעם גוֹיִשֶׁען גְלוֹיבֶּען צוּא
פֶערְהַאנְדְלֶען אַמָאל אִיז עֶר אוֹיךְ צוּ מִיר אִין שְׁטִיבּ פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט
גֶעוָוארֶען רָחֵלֶה! אִיךְ זָאל אַזוֹי דֶערְלֶעבֶּען צוּ פִיהְרֶען מֵיינֶע צֶעהן
טֶעכְטֶער אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה וִויא עֶר הָאט מִיר גֶעוָואלְט אָבְּצָאהלֶען
צֶעהן נָאכְדֶענֶע רֶענְדְלֶעךְ דֶערְפַאר וָואס אִיךְ זָאל אוֹיסְבֵּייטֶען מֵיין
אַלְטֶען גְלוֹיבֶּען אוֹיף זַיין נַייעֶם. וָואס מֵיינְסְטוּ, הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעעֶנְ-
פֶערְט. זַ׳י ווִידֶער זָאג אִיךְ אִיהם, דִיא וֵוייסְט מִיר צִי צָאהלֶען אִיז
דָאךְ אַ סִימָן אַז מֵיינֶער אִיז בֶּעסֶער, בְּלֵייבּ אִיךְ בֵּייא מֵיינֶעם און אִיךְ
הָאבּ דִיךְ אִין דְרֶערְד מִיט דַיינֶעם. נוּ לָאזְשֶׁע דִיר נִישְׁט בַּאנְק טְהוּן
און שְׁרַייט מִיט אוּנְז אַלֶע יוּדֶען הַשַׁתָּא עַבְדֵי לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּנֵי חוֹרִין.

**מרים :** אָט קוּמֶען שׁוֹין אַלֶע פוּן דֶער שׁוּהל.

(אויפטריט זלמן דוד געסט).

**אלע:** גיט יו״ט, גיט יו״ט.

**זלמן:** נו קינדער דיא נאכט שטעהט נישט דער חזן האט זיך היינט צו פיעל נאריש געמאכט.

**מאיר:** אזא דראנג, ר׳ זלמן אי״ה מארגען וועט איהר מיך הערען א מוסף אנידערלעגען.

**זלמן:** אויב דו ביזט אזא גוטער חזן וויא א שדכן מעג מען דיך אויך פערשפארען צו הערען.

(ראשעל ברענגט א קיטעל פאר זלמנ׳ען)

**זלמן:** רחל׳ה מאכטער ווילסטו דעם אנקעל א ביסעל נחת צו טיילען.

**ראשעל:** גערן טייערער אנקעל וואס איז דיין וואונש?

**זלמן:** איך וויל אז דיא זאלסט היינט פרעגען דיא פיער קשיות דאס וועט מיך דערמאנען ווען דיא ביזט נאך געוועזן א קינד אין אלע יאהר ביים סדר אויף מיינע שויס געזעסען ווען דיא האסט מיר א ביסעל מיין ביטער שאדען ערזעצט גאטעניו זייא מיר מוחל וואס איך בין מחלל יו״ט מיט מיינע טרערען דאס געבראכענע פאטער הערץ קאן דאך אבער נישט אויפהערען צו זיפצען דרייא און צוואנציג יאהר זייט יענעם בלוטיגען פסח דרייא און צוואנציג יאהר זייט איך בין בערויבט געווארען פון מיין איינציג אויג אין קאפ. דאך גענוג, גם זה לטובה, קומט קינדערלעך צום טיש (אלע געהן צום טיש אין מאכען קידוש).

**שמש:** (לויפט אריין) זייט מיר מוחל וואס איך האב געשטערט, ווייל עס איז אזוי וואס איז נוגע אלע יודען (וויינט) מיר זעמער חלילה אלע אין איין סכנה!

**אלע:** וואס איז געשעהן?

**זלמן:** קום אהער שמש, פערליער נור נישט דעם קאפ, און דערצעהל גאנץ רוהיג.

**שמש:** ווען מ׳האט אבגעדאבענט, און אלע יודען זענען זיך שוין צוגאנגען פון דער שוהל, איהר ווייסט דאך דער חזן האט אונז היינט שפעהט אויפגעהאלטען האבען שוין דיא לעכט אנגעהויבען אויסצוגעהן, נור דער נר תמיד האט נאך געברענט, איך וויל נור וואס פארשליעסען

דיא טהיר, העד איך עפים ביים פענסטער א גערויש, דיא פענסטער וועגען שוין אלט און צעבראכען, איין ריהר וועגען זייא אפען, וועה איך וויא איין פענסטער עפענט זיך פון דרויסען, און ביים שיין פון דעם נר תמיד, וועה איך וויא א גוי דראפעט זיך אריין.

**דוד :** געוויס איין גנב.

**שמש :** אזוי האב איך אויך געמיינט, און דעריבער האב איך מיך מורא געהאט צו ריהרען אדער צו שרייען, ווארן אזא גוי האט אוודאי ביי זיך א פאסטויל, און קען מיך נאך שיסען, האב איך מיך שטיקערהייט בעהאלטען אונטער איין שטענדער, איך זאל ווארטען ביז ער וועט פערטיג ווערען מיט דעם און אז ער וועט אויך זיין אין דרויסען וועל איך אויך ארויסלויפען און שרייען געוואלד.

**מאיר :** א שעהנער שומר.

**שמש :** אבער הערט יודען נישט גנב'ענען איז ער געקומען פערקעהרט ער האט אונז נאך עטוואס געבראכט, איך האב געזעהן וויא ער נעמט עפים ארויס פון דער קעשענע און שטעלט עס אנידער אונטער דעם ארון הקודש און איז באלד ווידער דורך דעם פענסטער ארויס אן א נשמה, בין איך באלד געגאנגען זעהן וואס דארט איז (וויינט) ווייסט איהר יודען וואס ? א פלעשעל בלוטה.

**ארע:** בלוטה ?

**שמש :** איך האב דערמיט געוואלט לויפען צו דעם רב אבער אונזער רב וויא איהר ווייסט איזט דאך במילי דעלמא נישט קיין גרויסער חכם בין איך ליעבער צו אייך געקומען ר' זלמן ווייל איהר זענט א קלוגער יוד און קענט אונז דא איין עצה געבען וואס צו טהון ווארין אז דיא שנאי ישראל ווכען אונז דאס זעהט איהר, אבער וואס טהוט מען ?

**זלמן :** וואס אונזערע שונאים האבען געטהון און זענען געגען אונז קאמיר האפען אז דער איינציגער גאט וועלכער האט אונז שוין פון זאפיעל גערעטעט וועט אויך אצינד זיין מיט אונז. דערווייל אבער דארפען מיר אליין אויך זיין געוואפענט געגען שונא, וואס מיט דעם פלעשעל בלוט צו טהון וויל איך אויך אצינד זאגען, שמש אבער א סוד מוז עס בלייבען דערווייל, קיין שום מענש דארף עס וויסען (א סוד ער זאל קיין נער זיין) נישט אפילו מיינע אייגענע דארפען עס אצינד הערען.

**שמש:** (פרייליך) אָט דָאס אִיז אֵיין עֵצָה פון אַ יוד אַ לַמְדָן נִישְׁט אוּם זִיסְט זָאגְט מֶען דָארְט וְויא תּוֹרָה דָארְט אִיז חָכְמָה אָטְוְשִׁיא מִיר אַ גוּטֶען יו"ט (אב)

**זלמן:** אַצִינְד רָחֵלֶה וֶועסְטוּ פְרֶעגֶען דִיא פִיער קַשְׁיוֹת.

(אויפטריט דומיטריע יואסילע אונטערזוכונגס ריכטער פאליצייא)

**ריכטער:** אֵיין יֶעדֶער בְּלַייבְּט רוּהִיג אוֹיף זַיין פְּלַאטְץ, זַלְמָן קָאהַן.

**זלמן:** דָער בִּין אִיךְ.

**ריכטער:** אֵיינֶע שְׁוֶוערֶע קְלַאגֶע לִיגְט גֶעגֶען אַייךְ פָאר, דָאךְ נוּר רוּהִיג, אִיךְ אַלְס רִיכְטֶער וֶוערְדֶע אַלֶעס גֶענוֹי אוּנְטֶערְזוּכֶען, זַלְמָן קָאהַן אַם 10 אַפְּרִיל וַואהרֶען זִיא בַּייא הֶערְרְן קַארְל רִיזְוַואן אִין זַיין הוֹיז, אִיזְט עֶס וַואהר?

**זלמן:** יָא הֶער רִיכְטֶער.

**ריכטער:** זִיא הַאבֶּען מִיט אִיהם גֶעצַאנְקְט אִיהר הַאבְּט אַייךְ בֵּיידֶע שְׁטַארְק בֶּעלֵיידִיגְט אוּנְזְ' עֶס אִיז זָאוַואס גֶעקוּמֶען דָאס זִיא הַאבֶּען אִין הֶעכְסְטֶען ווּאוּט עֶרְגְרִיפֶען אֵיין מֶעסֶער אוּן וָואלְטֶען אִיהם עֶרְשְׁטֶעכֶען אִיזְט עֶס וַואהר?

**זלמן:** דָאס הֶערְר רִיכְטֶער אִיז אֵיינֶע אוּנֶערְהֶערְטֶע אוּן שֶׁענְדְלִיכֶע לִיגֶע זֶעהֶען זִיא דָאךְ הֶערְר רִיכְטֶער, זֶעהֶען זִיא דִיזֶע אַלְטֶע דַארֶע הַאנְד אוּן דִיזֶע צִיטֶערְנְדֶע הַאנְד זָאל אֵיין מֶעסֶער עֶרְגְרֵייפֶען גֶעגֶען אֵיין יוּנְגֶען מַאן אִין זַיינֶער יוּגֶענְד קְרַאפְט דָאס אִיז דָאךְ צוּ לֶעכֶערְ־לִיךְ וֶועלְכֶער אוּנְפֶּערְשֶׁעהְמְטֶער לִיגְנֶער קֶענְטֶע זָאוַואס עֶרְצֶעהְלֶען.

**דומיטריע:** הַאלְט עֶס מוֹיל יוּדֶע, דוּמִיטְרִיע רִיזְוַואן אִיז אַ עֶדֶעלְמַאן אוּן קֵיין לִיגְנֶער, אִיךְ הָאבּ אַלֶעס דוּרְךְ פֶענְסְטֶער גֶעזֶעהֶן.

**זלמן:** הֶערְר רִיכְטֶער פְרַאגֶען זִיא דֶעם הֶערְן קַארְל רִיזְוַואן אַלֵיין עֶר אִיז צוּ אֵיין עֶדְלֶער יוּנְגֶער מַאן אוּם אֵיינֶע זָאכֶע לִיגֶע צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען פְרַאגֶען זִיא אִיהם דָאךְ זֶעלְבְּסְט.

**ריכטער:** יוּדֶע דֶענְקְסְטוּ מִיט דֵיינֶער פֶערְשְׁטֶעלוּנְג אֵיינֶעם רִיכְטֶער צוּ טֵיישֶׁען אִיהם זֶעלְבְּסְט פְרַאגֶען וָוא אִיזְט עֶר דֶען וָואס הָאט אִיהר מִיט אִיהם גֶעמַאכְט?

**ראשער :** וועה מיר, לאזט מיך הערען וואס איז מיט איהם געשעהן?

**ריכטער :** פערשוואונדען איזט ער פלעצליך פערשוואונדען זייט דעם 11 אפריל היינט איז שאהן דער 14, אלזא שאהן דריי טאגע זייט ער איז נישט מעהר געזעהן געווארען, אונד עס איז אויסער יעדען צווייפעל דאס ער לעבט נישט מעהר.

**ראשעל :** אלמעכטיגער גאט! קארל לעבט נישט מעהר, האט איהם דיא פערצווייפלונג פיליייכט געטריעבען איין זעלבסטמארד צו בעגעהן.

**דומיטריע :** דיא אויסרעדע ניצט אייך וועניג, זעלבסטמארד, יא דאס איז ער און איהר, אין דיעזען הויז האט מען איהם געזעהן אריין געהן, און נישט מעהר ארויסקומען.

**ראשער :** ווער האט איהם געזעהן?

**וואסילע :** איך.

**ראשעל :** דוא האסט איהם געזעהן? ווען?

**וואסילע :** אם 11 אפריל האב איך געזעהן אהער אריין געהן, און שפעטער ווען איך האב געהערט אז ער איז פערשוואונדען, האב איך געמעלדעט דער פאליציי אז זיין גאנג איז געוויס געוועזען זיין לעצטער.

**דוד :** אים נאמען דער ווארהייט הערר ריכטער, הערט מיך אויס, דיעזער הערר דומיטריע ריזוואן איז מיר איינע אונגעהייערע גרויסע סומע געלד שולדיג, און וואלטע נאך ווייטער ביי מיר לייען, אבער וויל איך האב איהם עס אבגעזאגט, איז ער יעטצט מיין גרויסט פיינד, און דיעזער וואסילע וואהר ביי מיר איין גאנץ לאנגע צייט אנגעשטעלט, ביז איך האב איהם געפאקט אלס דיעב, און האב איהם ארויס געשמיסען, זעלבסטפערשטענדליך איז ער מיר אויך קיין פריינד, קענען זיא הערר ריכטער זאלכע צייגען גלויבען שענקען.

**דומיטריע :** הערר ריכטער! דיעזער וואסילע וואהר ביי מיר אויך איינע צייט, איך אלס עדעלמאן קאן פיר איהם האפטען דאס ער איזט איין הויפט ארדענטליכער מאן. (וואסילע קישט דיא האנד).

**ריכטער :** דאס איז מיר גענוג, וואסילע! דוא האסט מיר געזאגט, דאס דוא קענסט יעדעם ווינקעל אין דיעזען הויז.

**וואסילע :** יא הערר ריכטער! גיבט מיר איינע פאליציסטען, און איך וועל

זיי ווייזען יעדעם ווינקעל, וואו מ׳קען אבשעכטען א מענשען, אז אפילו א האן זאל נישט קרייען.

**ריכטער:** (צו דיא פאליציסטען) פאלגט איהם נאך.

**דוד:** קומט, איך אליין פיער אייך איבעראל (וויל געהן).

**ריכטער:** דו בלייבע! (צו וואסילע מיט דער פאליציי) דו געה (זיי אב).

**דומיטריע:** מיינסט אויף דיעזער ארט צו ענטרינען? הערען זיא ווייטער הערר ריכטער! נאכדעם דיעזער אלטער פאנאטיקער האט מיין ארמען ברודער מיט דעם מעסער בעדראהט, איז ער אויך מיט זיין פרוי געקומען און האבען זייער טאכטער מיט געוואלט וועק געשלעפט, דען ביי זאלכע יודען גיבט עס קיין גרעסער פערברעכען אין דער וועלט אלס איינען קריסטען אנצוגעהערען, אום אבער צו פערהיטען אז זייער טאכטער זאל נישט וויעדער איהר עלטער הויז פערלאזען, און וויעדער צו איהם אנטלויפען, וואס זענען זאלכע פאנאטיקער אום שטאנדע צו טהון, איבער הויפט פאר זייערע אכטערן פייערטאג ווען זיי ברויכען קריסטען בלוט.

**זלמן:** פערפלוכט זאלען ווערען די ליפען וועלכעם דיעזעס ווארט ארוים רעדען קענען.

**דומיטריע:** וויא? איזט פיללייכט ניכט וואהר, איזט עס נור איין מערכען איינבילדונג?

**זלמן:** לעזט הערר עדעלמאן אויב איהר קענט אייער איינענע ביכער פון דער אלטער גרויער צייט, ווען דיא היידען פלעגען אייך בעשולדיגען אז איהר געברויכט היידישעס בלוט, עבען זא וויא איהר בעשולדיגט אונז אצינד מיט קריסטען בלוט, לעזט אונזער תורה וועלכע שרייבט אונז פאר: לא תרצח! זאלסט נישט מארדען, און ווייטער בעפעהלט זיא אונז: ליעבע דעם פרעמדען, זאלסט דיין ברויט מיט איהם טיילען, איין געזעטץ און איין משפט זאל זיין פאר דיר און פאר איהם, אזוי געביעט אונז אונזער תורה.

**דומיטריע:** וואס געהט מיך אייער תורה אן?

**זלמן:** אויך ער, אייער ערלעזער האט זיא פאר הייליג געהאלטען.

**דומיטריע:** שווייגע יודע! רעדע נישט מיט דיינע אומריינע ליפען, אוים דעם נאמען וועלכען איהר האט געקרייצט.

**זלמן:** מיר האבען איהם נור איין מאל געקרייציגט, אבער איהר קרייציגט איהם אויף שריט און טריט.

**וואסילע:** (קוממ אריין) הערר ריכטער! אין קעלער האב איך דאס געפונען (ווייזט א זיגעל רינג).

**דומיטריע:** מיין גאט! הערר ריכטער! זעהן זי דיעזען זיעגעל רינג, לעזען זיא זעלבסט וועלכער נאמען עס איז דארט אויסגעקריצט.

**ריכטער:** (לעזט קארל ריזוואן) וויא קוממט זיין רינג אין אייער קעלער? אנטווארטעט!

**דומיטרע:** ברויכט מען נאך איינע ווייטערע אונטערזוכונג דארט אין טיעפען קעלער וואורדע מיין ברודער אבגעשלאכטעט, ער האט נאטירליך געקעמפפט מיט זיין יונגעם לעבען, אונד זא איז אין קאמפף זיין זיעגעל רינג הערונטער... יא הערר ריכטער! זעהן זי דיעזע מצות זינד מיט דעם בלוט מיינעם ברודערס פאבריציערט.

**ריכטער:** איהר ציטערט, נור וואס קענט איהר יעצט איינווענדען געגען זאלכע שרייענדע בעווייזע.

**זלמן:** ערלויבט מיר הערר ריכטער! נאך מיינער מיינונג, דארף איין אונטערזוכונגס ריכטער איין מענשען קענער זיין, דיא ערפאהרונג האט אייך שיינט מיר געוויס אויסגעלערנט אונטערשיידען צו קענען צווישען מענשען אונד פערברעכער געזיכטע, לעזט איהר דען נישט גאנץ דייטליך אויף דיעזע צוויי געזיכטער איינען פערבארגענע טריאומף, איינע בעהאלטענע פריידע איבער דעם טייפלישען פלאן, וואס זייא איז געלונגען, זיין רינג האט איהר אין אונזער קעלער געפונען, נו, וואסזשע איז דעמיט בעוויעזען האט דען זא איין דיעב זיך נישט געקענט פריער אין קעלער אריין גנב'ענען, און דעם רינג דארט אונטערווערפען (דער ריכטער רעדט שטיל מיט דומיטריע) אבער זעהט בריעדער זעהט, וועלכע אונטערזוכונג די ריכטער מאכען, ווען עס האנדעלט זיך יודען צו בעשולדיגען, דיא ריכטער אליין זענען איין בונד מיט דיא הונגעריגע וועלף, ניין! פאר אייך צו רעדען הייסט צו טויבע אויערען געערעדט, ניין! ווען איך ווער מוזען רעדען, וועל איך נור פאר מענשען רעדען.

**ריכטער:** שליסט אלע אין קעטען!

**קאטינקא:** (שטירצט אריין) ווארטעט! מיך מוזט איהר אויך אויסהערען!

**ריכטער:** ווער ביזטו? און וואס ווילסטו?

**קאטינקא:** איך הייס קאטינקא! איך בין מיין קארל איין צווייטע מוטער געוועזען! און וואס איך וויל? דאס זעלבע וואס איהר ווילט, אדער וואס אייער פפליכט איז צו וועלען, די וואהרע מערדער אויסצוגעפונען.

**ריכטער:** דיא זינד שאן געפונדען.

**קאטינקא:** צו שנעל האט איהר זיי געפונען!

**ריכטער:** וויא?

**קאטינקא:** פערצייעט העהר ריכטער וואס איך רעד אזוי שטיל איך האב נישט געוואוסט אז איהר הערט נישט איך זאג אייך, אז צו שנעל דיז זיהר געפינען, ניכט א ביסעל בעסער.

**ריכטער:** וויב! שטעהר מיך ניכט אין מיינעם אמט.

**קאטינקא:** אייער אמט הייסט אייך זוכען פארשען און נישט חאפען סייא וועמען, מיין קארל האט ני׳ אין געהיימניס געהאט אלעס פלעג ער מיר ערצעהלען, און דיא מענשען וואס איהר הייסט יעצט אין קייטען שליסען אלס זיינע מערדער דיא האט ער געהאלטען פאר דיא ערעלסטע און עהרליכסטע מענשען.

**ריכטער:** אבער יעצט זיהסטו יא וועלכען אירטום ער האט געהאט דען דיזע וואהרען זיינע מערדער עס זינד בעווייזע דא.

**קאטינקא:** נישט אלע בעווייזע דער וועלט קען עס מיר בעווייזען זייא קענען זיינע מערדער נישט זיין דאס וואלט געוועזען געגען דער נאטור, האלט מיך נישט פאר פעריקט איך ווייס וואס איך זאג יא׳ ווען ער לעבט נישט מעהר מעג שוין דאס געהיימניס ארויס, אלזא ווייסט אז קארל איז קיין געבוירענער קריסט.

**אלע:** וואס הערען וויר?

**קאטינקא:** צו אייער פאטער דעם אלטען ריזוואן וועלכער וואר׳ נאך דאמאלס קינדער לאז האט מען איין קליין קינד געבראכט און ער האט עס טויפען לאסען אונד עס אדאפטירט פיר זיין קינד, דיא נגב׳טע בין איך געוועזען מיין בייכט פאטער האט מיר דאמאלס געזאגט דאס איך בעגעהע דאמיט דיא גרעסטע וואהלטאט, דעם אלטען ריזוואן האב איך געמוזט צו שווערען דאס געהיימניס ניע צו

געמעדעקען דאמיט קארל זאל גרויסערהייט ניכט וועלען צוריק קעה-רען צו זיין יודישער רעליגיאן.

**זלמן:** אין פאר וואס זאגסטו אויך נישט ביא וועמען דיא האסט דאס קינד געגעב'עט?

**באטינקא:** (קניעט) זעהט מיך צו אייערע פיס אלטער מאן, לאסט מיך גרוממענעמען אייערע קניע און אום פערציידונג ביטען געגען איך בין איך דאמאלס דעם מענשען רויב בעגאנגען, קארל איז אייער קינד געוועזען.

**זלמי:** געוועזען (אין איינעם) גאט האט געגעבען און גענומען.

**דומיטריע:** דיין פערדאמטעס יודענעהנער, יעצט איז אייער פערברע-כען נאך גרעסער, ווען אין דער מיינונג דאס ער געבאריגער קריסט איזט, האט איהר אייער אייגען בלוט אונד פלייש געמארטערט, הערר-ליכער וואר קארל נור מיין אדאפטירטער ברודער, אבער ברודער וואר ער דאך און איך פאדערע ראכע פיר זיין פערגאסענעס בלוט.

**זלמן:** דיא מדר נאכט! ווידער זעהע איך פאר מיר, יענע בלוטיגע מדר נאכט זעהט איהר ניכט, וואו אונזערע הייזער ברענען אין העלע פלאמ-מען? הערט איהר ניכט דאס הערצרייסענדע געשריא פון מאמעס ביא וועלכע מען רייסט אוועק זייערע קינדערלעך, צערטעלע מעד-כענלעדער וואלגערן זיך ארום אין דיא גאסען, גרייזען מיט אויפגע-ריסענע וואונדען הויכע שטערבענד, זעהר געקוועלטע זעלות... פאר וואס ווערדע שטעהט איהר מיט דיא הענד פערליימט? וואלען מיר זיך לאזען אויסשעכטען וויא דיא שעפסען, און מיט קיין האנד בעוועגען, אויף! קעמפפט פיר אייער לעבען פערטיידיגט אייער פרוי און קינד... (ווארפט זיך אויף דומיטריע) דיא מלאכי חבלה זעגען ווידער דא... אונזערע תלוים אונזערע הענגער... ניין! הבא להרגך השכם להרגו!

(ענדע דעם דריטען אקטעס).

# פירטער אקט.

(א שיהל, עמוד, ארון הקודש, שטענדערס, מען זינגט עס ווירד אונטערבראכען ערשיינען פרעפעקט, ריכטער, דומיטריע, וואסילע, קאטינקא אונד עמאנועל העלפגאט).

**העלפגאט:** פערציייעט דאס וויר אייער היילינ געבעט אונטערבראכען האבען, צוערשט ערלויבט מיר מיך פאר אייך פארצושטעלען, מיין נאמען איז עמאנועל העלפגאט דאקטער דער יוריע מיט דעם גיטיגען ערלויבניס דעם העררן פרעפעקטען בין איך אום דיזען אינטערע-סאנטען פאל מיט אייך צוזאמען צו אונטערזוכען היער. עס האנדעלט זיך אום מענשען לעבען און דאס איז דאס הייליגסטע אויף דער וועלט הערר ריכטער ערקלעהרען זיא אונז וואצו האבען זיא אונז היער אין דער סינאגאגע געבראכט?

**ריכטער:** דאס וועט איהר גלייך הערען, וואסילע ערצעהלע דעם העררן אלעס וואס דו ווייסט.

**וואסילע:** איך בין א לאנגע צייט געוועזען אנגעשטעלט ביא דעם יודישען באנקעהר דוד קאהן און האב דעריבער געהאט דיא געלעגענהייט צו צוזעהען וואס אין איין יודיש הויז פארגעהט אין זייער יודען פסח.

**העלפגאט:** נון וואס געהט פאר אין דעם יודישען פסח?

**וואסילע:** צוויא אבענדע איינער נאך דעם אנדערן זיצט זיך דיא גאנצע משפחה ארום דעם טיש און דער בעה"ב פון אויבען אהן אין זייא האלטען אין איין דאבינען, אין אלע מאל טרינקען זייא וויין, אבער דאס טרינקעבן אין יענע צוויא נעכט איז נישט וויא א גאנץ יאהר דאמאלס הייסט עס ביא זייא אראבישע כוסות.

**שמש:** ארבע כוסות! ארבע פיער.

**וואסילע:** דאס איז אליגען, איהר טרינקט א סך מעהר וויא פיער, איך בין געשטאנען אין דרויסען ביים פענסטער, און האב אלסדינג צו געזעהן, איך האב אויך געזעהן וויא אין יעדען כוס גיעסען זייא אריין א פאר טראפפען בלוט.

**שמש:** איך זאל אזוי בעהיט זיין פון דלת.

**ריכטער:** רוהיג!

**וואסילע:** דאס בלוט ווערט בעזארגט פון דעם שמש.

**שמש:** וואס דבר'ט דער ערל.

**וואסילע :** דער שמש ברענגט עס יעדען בעל-הבית א היים, איך האב דיא פלאש ברוט ביים שמש אין דיא הענד, און האב געהערט דאס ווארט קריסטען בלוטה.

**שמש :** (וויינט) נו, און דו רבש"ע שווייגסט ?

**העלפגאט :** ווארום ביזטו נישט דעם שמש גלייך נאכגעלאפען, און איהם מיט דער פלאש ברוט צו חאפען.

**וואסילע :** דאס האב איך אויך געטהון, אבער ער איז שנעלער פון מיר געלאפען.

**שמש :** איך מיט קראנקע פיעס בין שנעלער געלאפען פון אזא געזונדען איוואן.

**העלפגאט :** און ווארום האסטו נישט גלייך געמעלדעט דער פאליציי ?

**וואסילע :** איך האב נישט געהאט בעווייזע.

**העלפגאט :** און אצינד האסטו בעווייזע ?

**וואסילע :** געווים, דאס יאהר האב איך דעם שמש נאכשפיאנירט.

**שמש :** וואס האט ער זיך ארויפגעחאפט אויף דעם ארימען שמש ?

**וואסילע :** איך האב פון דרויסען געזעהן, אויף וועלכען פלאטץ ער האט דא אין דער סינאגאגע בעהאלטען דיא פלאש קריסטענבלוטה.

**פרעפעקט :** ניעמאנד זאל זיך פון דעם פלאטץ בעוועגען, וואסילע דו זעלבסט געה צו דעם בעוואוסטען פלאטץ, און פינדע דיא פלאשע !

**וואסילע :** (געהט און קומט מיט דער פלאש) דא הערר פרעפעקט, איז די פלאשע מיט קריסטענבלוטה.

**העלפגאט :** ערלויבען זיא הערר פרעפעקט (עפענט דיא פלאש שמעקט, און דאן צום שמש) איינען בעכער, הערר !

**שמש :** תיכף ומיד (ברענגט איין בעכער).

**העלפגאט :** וויל דער הערר פרעפעקט געפעליגסט איין ביסכען קריסטענבלוט טרינקען ? (גיעסט אן, און גיבט איהם צו טרינקען).

**פרעפעקט :** (ריכט דאן טרינקט ער א ביסעל, צו וואסילע) קום הער ! טרינקע !

**וואסילע :** (טרינקט, ער שרעקט זיך) אך ! אך ; דער יודישער גאט טהוט וואונדער פון בלוטה איז געווארען וויין.

**העלפגאט :** אלזא נישט נור אומשולדיגע מענשען האט איהר געפייניגט, נור אויך דעם הערן פרעפעקט צום נארען געמאכט.

**דיכטער:** איך ביטע אום פערצייהונג, אבער דיעזער לומפ האט אונז אלע צום נארען געמאכט.

**וואסילע:** הייליגער גאט! איך וייס דאך אבער גאנץ בעשטימט אז אין דער פלאש איז געוועזען בלוט, נישט וויין!

**העלפגאט:** אזוי? דו ווייסט גאנץ בעשטימט? פון וואנען ווייסטו עס גאנץ בעשטימט?

**פרעפעקט:** דיא וואהרהייט זאגסט לאסע איך דיך פאטשען!

**וואסילע:** הערר דומיטריע רזוואן ווארום שווייגט איהר העלפט מיר דאך ארויס.

**דומיטריע:** וואס וויל דען פון מיר דער לומפ?

**וואסילע:** איך איין לומפ? דאן זענט איהר נאך איין גרעסערער לומפ פון מיר! יא הערר פרעפעקט, איך האב מיך א הער אריין געגנב'עט, און האב אונטערגעווארפען דאס פלעשעל בלוט, אבער וואס בין איך שולדיג, זיין דיענער בין איך, און האב געטוהן ווי ער האט מיך געהייסען!

**דומיטריע:** וואס ערלויבט זיך דיעזער דיעב?

**וואסילע:** און ווער האט מיר געגעבען דיעזען זיגעל רינג אין קעלער אונטערצואווערפען? נישט איהר?

**העלפגאט:** נור ווייטער מיין פריינד, דאס איז יא גאנץ אינטערעסאנט.

**דומיטריע:** זעהן זיא מיך ציטערען זעהן הערר פרעפעקט, איזט עס נור אום עמפערונג, וואס זא איינער אום דעם נידריגען פעוועל זיך ערלויבען קאן, געגען איינען עדעלמאן, ער זאגט, אז איך האב איהם געהייסען! הא! הא! וואמיט קענסטו עס בעווייזען? דו נידריגער לומפ.

**וואסילע:** וויא זאל איך אנצאפען בעווייזע, אז דאס אלעדינג איז געוועהן אונטער פיער אויגען! הערר פרעפעקט בעווייזען קען איך נישט, נור שווערען שווער איך ביא היילינע פון דעם קאלענדער, זעהן זיא הערר פרעפעקט, האב איך פערע קעשענעס מיט געלד, דאס האט ער מיר דאפור בעצאהלט, און נאך צוגעזאגט אז מ'וועט שלאגען דיא יודען, וועל איך האבען א סך געלד, און יעצט לאזט ער מיך שטעקען אין דער בלאטע.

**העלפגאט:** וויא דיא זאכע איז הערר פרעפעקט, זיינד זיא יעצט איבערצייגט פון דער אומשולד דער ארמען יודען!

**פרעפעכט:** פאלשטענדיג מען זאל די געפאנגענע זאפארט היער ברענגען.

(פאליציי אב).

**דומיטריע:** אויך איך בין יעצט פון זייער אומשולד איבערצייגט, און איך ציה מיין אנקלאגע צוריק.

**העלפגאט:** אים נאמען דער געפאנגענען דאנק איך איהנען, הערר ריזוואן!

**דומיטריע:** אלזא גוט, קאוט אונז די ארמע יודען נישט ווייטער שטערען אין זייער הייליג גיבעהט! געהן וויר (וויל געהן).

**חעלפגאט:** נאך איינע קלייניגקייט, הערר ריזוואן, יעצט בלייבט נאך איין פראגע, ווען די יודען אונשולדיג זינד, ווער זינד די שולדיגע? הערר דומיטריע! וואו איז איהר ברודער קארל?

**דומיטריע:** ווארום פראגען זיא מיך?

**העלפגאט:** ער וואר דאך איהר ברודער? צוואר נור אדאפטירטער ברודער, וויא מאן מיר געזאגט, אבערביידע זייט איהר דאך צוזאמען ערצויגען, מהוט איך זיין פערלוסט נישט וועה.

**דומיטריע:** זעהר וועה, איך האב איהם יא זא געליעבט.

**כאטינכא:** אזא מזל אויף דיר, פערצייעט הערר פרעפעקט אבער איך קען מיך נישט לענגער איינהאלטען איך קען דעם דומיטריע ריזוואן זייט זיינע קינדהייט, דען אזוי וויא קארל אזוי איז ער אויף מיינער אויפגעצויגען אויפגעוואקסען אבער הלואי ווארט ער אין גאנצען נישט געוועזען אויפגעוואקסען דאס איז נישט קיין מענש נור א וואלף א טייער א שלאנג א קראקאדיל א גאנצע מענאזשעריע און וויא קארל איז פערשווינדען דאס ווייסט קיינער נישט נור ער.

**פרעפעכט:** הערר ריזוואן וואס האבען זיא דערויף צו ענטפערן?

**דומיטריע:** נור איין ווארט, בעווייזע.

**העלפגאט:** דאמיט קען איך דיענען, קראנק און האלב וואהנזיניג האט איער ברודער אין איינער פינסטערן נאכט הערום געשלענדערט ביים אפער דער דאנוי, פלעצליך זינד זיא אונטער זיינעם ריקען אויפגעטויכט און וויא איין מייכעלמערדער איהם אין וואסער געשלייי דערט זיא האבען געזעהען וויא פערצווייפעלט ער האט מיט דען שטירמישען וועלען געקעמפפט זייא האבען געזעהען וויא ער וואר האפנונגסלאז פערלויערן אבער דאס האבען זיא נישט מעהר געזעהען וויא איין בארמהערציגע שיפער האט זיין קערפער אויס דעם וואסער

אַרויסגעצויגען אום וועניגסטענס פון דעם פישען נישט אויפגעגעסען צו ווערען.

**דומיטריע:** וואו העט ווייסען זיא דאס אלעס?

**העלפגאט:** פאן אייער ברודער זעלבסט.

**דומיטריע:** דאן איזט מיין ברודער מיט איינע לינגע אויף די ליפען געשטארבען.

**העלפגאט:** ניין דומיטריע ער איז נישט געשטארבען דען דא שטעהט ער יעצט פאר דיינע אויגען (דעמאסקירט זיך).

**פרעפעקט:** שמיעדעט ביידע צו זאמען אין קעטען.

**ריכטער:** עס טהוט מיר לייד העדר ריוואן, אבער מיינע פפליכט ערלויבען זיא מיר געפעלינגס איהר עדלע האנד.

**וואסילע:** (העבט די הענד) עס לעבע דיא גלייכהייט קום קאמעראד! (אב).

(אויפטריט זלמן, ראשעל, דוד, מרים און מאיר).

**אלע:** ברוך מתיר אסורים.

**קאטינקא:** עהרווירדיגער גרייז, איז אייך מיין איינבליק פעררהאסט.

**זלמן:** וואס נאך ווילסטו פון מיר?

**קאטינקא:** לאזט מיך אייער האנד קישען לאזט מיך אייך גליק ווישען אייער אומשולד איז געוועזען, איהר זענט פריי.

**מאיר:** דיא בשורה טובה האבען שוין אנדערע אנגעזאגט.

**קאטינקא:** אבער מען האט אייך נאך נישט געזאגט וועמען איהר האט אייער בעפרייאונג צו פערדאנקען פאסט מוטה גוטער אלטער, נעמט אלע אייערע קרעפטע צו זאמען, מיינע הענד האבען אייער קינד אוועק געראובט און מיינע הענד פיהרען... איהם יעצט צוריק צו דער ברוסט פון זיין פאטער (פיהרט קארל צו זלמנ'ען).

**זלמן:** גיטיגער פאטער אין הימעל... שענק מיר כח, עוד יוסף בני חי!

**קארל:** דיין בלוט און פלייש בין איך, דיך רופט מיינע זעלע פאטער (אומארמונג).

**זלמן:** מיין יוסף מיין קינד.

**ראשעל:** מיינער ביסטו ווידער.

**דוד, מרים:** אונזער קינד.

**אלע:** זה היום עשה ד' נגילה ונשמחה בו!

**(פ א ר ה א נ ג).**

(ענדע דעם שטיקעס).



# געזאנגס־טעקסט.

---

## Nr. 2.

(דאָס זינגט דאָס קאָהר אזוי ווי דער פֿאָרהאנג געהט אויף אים ערשטען אקט).

**קארל:** אין דער רייהע שטעלט אייך אלע אויס
נור זיך נישט שעהמען צייגט אייער טאלענט ארוים
לוסטיג מונטער ניט געשראָקען
נעמט אייך אין זין נעמט אייך אין זין
אלעם וואס איהר האט גילערנט
צייגט שנעל, יאָ יאָ יאָ יאָ.

**קאהר:** יאָ וויר פאָלגען דיינע גוטע לעהרע
אלעם טהון וויר נור דיר צור עהרע
ווער קען וואגען
דיר ענטזאגען
שנעל בעפעהלע גאָטע זעעלע
וואס דו ווילסט ערצעהלע —.

**קארל:** איהר בעסע שטעלט אייך ביי דיעזער זייט
פאסט נור אויף דעם טאקט
און איהר אלטען שטעלט אייך דאָ ניט וייט
הערט נור צו וואָס מען זאגט
און דיא טענערע זינד קאלאסאל
פאָל שטימע און אויך טאלענט
און דיא סופּרענע פאָל מעטאל
נון צייגט היינטע וואָס איהר קענט
ביים זינגען זיך בעמיהען
נישט הערונטער ציהען
הערט נור צו, צו דער מעלאָדיע
א יעדער באזונדער זינגט מיר נאָך

אָם עֶרְשְׁטֶען קָאמְט דֶער בָּאם
הָערְט נוּר הָערְט נוּר דָאם.

(באס סאָלאָ מיט נאָטען).

**סאלא אלט**: דִיא שֶׁעהנֶע רָאזֶע בְּלִיהט
נוּר אִין פְרִיהלִינְגְס צַייט
יָא זִיא בְּלִיהט נוּר אִין פְרִיהלִינְגְס צַייט
פְרִיהר נִיט, פְרִיהר נִיט
וֶוער לִיעבְּט נִיט, דִיא בְּלוּמֶען
דֶעם דוּפְט דֶעם שְׁטוּמֶען
וֶוער דִיא שֶׁעהנֶע רָאזֶע נוּר עֶרְבְּלִיקְט
וֶוערְט פוּן אִיהר עֶנְטְצִיקְט (ביסס).

**אלט**

דִיא שֶׁעהנֶע רָאזֶע בְּלִיהט
נוּר אִין פְרִיהלִינְגְסְצַייט
יָא זִי בְּלִיהט
נוּר אִין פְרִיהלִינְגְסְצַייט
פְרִיהר נִיט פְרִיהר נִיט
וֶוער לִיעבְּט נִיט דִיא בְּלוּמֶען
דֶעם דוּפְט דֶעם שְׁטוּמֶען
וֶוער דִיא שֶׁעהנֶע
רָאזֶע נוּר עֶרְבְּלִיקְט
וֶוערְט פוּן אִיהר עֶנְטְצִיגְט

**סאפראן**

דִיא שֶׁעהנֶע רָאזֶע בְּלִיהט
דִיא רָאזֶע זִי בְּלִיהט.
דִיא רָאזֶע זִי בְּלִיהט
אִין פְרִיהלִינְגְסְצַייט
נוּר אִין פְרִיהלִינְגְסְצַייט
פְרִיהר נִיט פְרִיהר נִיט
וֶוער לִיעבְּט נִיט דִיא בְּלוּמֶען
דֶעם דוּפְט דֶעם שְׁטוּמֶען
וֶוער דִיא שֶׁעהנֶע רָאזֶע נוּר עֶרְבְּלִיקְט
וֶוערְט פוּן אִיהר עֶנְטְצִיקְט.

**קארל**: פָארְטֶע יֶעטְצְט דָאס אִינֶעסָאנָא —

**כאהר**: אַךְ וִויא שֶׁעהן זָאגְט אַלֵיין קְלִינְגְט דָאס זִיעס.
דִיא מֶעלָאדִיע הִיבְּש דִיא שְׁטִימֶען נִישְׁט מִאוּס, יָא
אַךְ וִויא שֶׁעהן זָאגְט אַלֵיין קְלִינְגְט דָאס זִיעס
דִיא מֶעלָאדִיע הִיבְּש שְׁטִימֶען נִישְׁט מִאוּס
אַךְ וִויא עֶס קְלִינְגְט זָא זִיעס
אַךְ עֶס קְלִינְגְט זָא זִיעס
אַךְ עֶס קְלִינְגְט זָא זִיעס, זָא זִיעס.

קארל: און יעצט דאס ליעד
דאס שקלאווען ליעד
די ווארטע נור פאסט אויף גוט.

| ראשעל: | קאהר: |
|---|---|
| דאס איזט איין ליעד | |
| פון שקלאוועריי | פון שקלאוועריי |
| וויא די טרייטען | |
| זיין אמאל פריי | זיין אמאל פריי. |
| מענשען אלע הערט | |
| וואס דער שקלאווע בעגעהרט | |
| ער פערלאנגט אויך | |
| זיינע רעכטע | |
| ער ווינשט אויך צו לעבען פריי | |
| ליידען פון טיראנען שלעכטע | |
| איז דיא צייט שאהן לאנגע פארביי | |
| Doina אוי אוי אוי הערט מענשאלעך | |
| אוי אוי אוי הערט מענשאלעך אוים. | |
| אוי אוי אוי אוי | |
| אוי דער שמערץ איז גרויס, | |
| מען טהוט אונז וועה אוי אוי אוי | |
| אונז פייניגען וועה | |
| מען טהוט אונז וועה מען טהוט אונז וועה, וועה. | וועה וועה וועה וועה וועה. |

**וואלצער:**

געהט געהט געהט נעמט אייך צו זאמען דאך
זעהט זעהט זעהט ווארפט שוין אראב דעם יאך.

**דועט:**

| ראשעל | קארל |
|---|---|
| געהט געהט נעמט אייך | געהט געהט געהט |
| צו זאמען דאך | געהט געהט געהט |
| זעהט זעהט ווארפט שוין אראב | זעהט זעהט |
| דעם יאך | ווארפט שוין אראב דעם יאך. |

זענט איהר דען װעניג
געװעזן אונטער טעניג
װיפיעל נאך איז דער שיעור
צו ליידען עװיג זענט איהר דען בעשטימט
פארװאס נור אייך אה דיא צרות קומט.

זענט איהר דען װעניג
געװעזן אונטער טעניג
װיפיעל נאך איז דער שיעור
צו ליידען עװיג זענט
איהר דען בעשטימט
פארװאס נור אייך
אה דיא צרות קומט.

דיא פרייהייטס גלאקע
הערט נור װי זי קלינגט
ביסס
די פרייהייטס גלאקע
הערט נור װי זי קלינגט

קאהר

געהט געהט
געהט נעמט אייך צו זאמען דאך
צו ליידען עװיג זענט איהר
בעשטימט
פארװאס נור אייך
אה די צרות קומט.

הערט איהר דען ניט ניין
ביסס
הערט איהר דען ניט ניין

כאהר: שנעלער שנעלער שנעלער קומט שוין ביסס
קומט קומט קומט קומט קומט
קומט די פרייהייט בעגריסט.
ביסס

דועט קארל און ראשעל:
האך פרייהייט האך פרייהייט
דיך בעגריסען אלע צוזאמען
האך פרייהייט האך פרייהייט
זיעס קלינגט אונז דיין נאמען
ביסס

יא האך יא האך
יא האך פיר דער פרייהייט
דער פרייהייט.

---

# Nr. 3.

אין ערשטען אקט ווען מאיר דרייער טרעפט זיי

## דועט:

**ראשעל**

מיט מיין הערץ קעמפף איך
ניט מעהר
איך ליעב דיך וויא מיין גאנץ
לעבין.
דעם הערץ בעפעהלען איז שוועהר
קיין שווערערעס קען נישט געבען
איך אפפער אלעם פיר דיך
מיין פאטער און רעליגיאן.

**קארל**

קעמפף נישט מעהר
איך ליעב דיך וויא מיין גאנץ
לעבען,
זעהר שוועהר יא
שוועהר זעהר שוועהר
יא פיר מיך
דיין פאטער און רעליגיאן.

**ביידע:** וועסטו נור מיינע אויף אימער זיין
דאן איז מיר אלעם ליעב שוין
שווער שווער שווער דו } ביסס
ביי דער ליעבע שווער }
שיידען ניין, שיידען זאלען וויר ביידע
ביידע ניעמאלס מעהר.

**ראשעל:** בעהיטע גאט איך זאל דעם שריט
ניט בערייהען.

**קארל:** ניין ניין ניין נישט בערייהען.

**ראשעל:** ווירד מיין פאטער א מאל פערצייהען.

**קארל:** יא יא יא יא פערצייהען.

**ראשעל:** אלעם אין דיך געפונען האב איך
אלעם ווירד ערזעצען דיין טרייהע מיר.

**ביידע:** טריי ביז אין טאד
איך שווערע ביי גאט
איך שווערע ביי דעם גאט פון ליעבע אליין
מאנגעל און נאטה
אויך בעטעל ברויט
זאל אונזער ליעבע קיין מאל שטערען ניין ביסס, טריי א. ז. וו.

**כארל:** שְׁוֶוערֶע בֵּיי דֵיינֶעם אַלְטֶען פַאטֶער

**ראשעל:** יַא אִיךְ שְׁוֶוערֶע עֶם דִיר

**כארל:** טְרֵיי װֶועסְטוּ זַיין אוֹיךְ מִיר אוֹיף וֵויטֶער

**ראשעל:** יַא אִיךְ שְׁוֶוער עֶם דִיר

**כארל:** שְׁוֶוערֶע בֵּיי דֵיינֶעם אַלְטֶען פַאטֶער

**ראשעל:** אִיךְ שְׁוֶוער עֶם דִיר

**ביידע:** גֶעטְרֵיי צוּ זַיין.

ענד״ע ערשטען אַקט.





# צווייטער אקט.

**דאס זינגט וואסיליע ווען** ער קומט מיטן פלעשיל בראנפען **איידער קארל גיבט** איהם דעם פאטש.

## Nr. 4.

### קופלעי וואסיליע.

**ווער פארברענגט דאס לעבען פריי**
**אהן זארגען אהן שמערץ**
**ווער טרינקט וויין און זיפט געטריי**
**נור דערמיט קוויק איך מיין הערץ**
**מיין גאנץ לעבען נור איך קנאק**
**מיט דער בייטש האק און האק**
**העני העני געה.**
**עס איז א לעבען פול מיט פרייד**
**עס איז א לעבען פול מונטערקייט**
**איך וויים נור טרינקען טרינקען**
**נישט שפארען ניין**
**חלעפטשען און קורטשען**

נור בראנפען ביער און וויין, יא, יא.
לעבען ליעב איך אויך נישט לאנג
נור דערזעהן געהט שוין א גאנג
און ווערט מיר נמאוס אט דער ציםעס
מוז זי געהן דא נישט שטעהן געה!
עס איז א לעבען פול מיט פרייד
עס איז א לעבען פול מונטערקייט
איך וויים נור טרינקען טרינקען
נ׳ט שפארען ניין
חלעפטשען און בורטשען נאר
בראנפען ביער און וויין
הע הע טרינק נור טרינק דעם וויין

(טאנץ).

## Nr. 5.

**דאס זינגט קארל** ווען ער פאנטאזירט נאך ראשעל וואס זי **געהט חתונה האבען.**

### ראמאנסע קארל.

**וואצו** נאך לעבען וואצו נאך שטרעבען
**נעבראכען** מיין הערץ, האט דיעזער שמערץ
**גיעסט** מיינע טרערען איהר זאלט נישט אויפהערען

פִילֵייכְט וֶועט זַיין דִיא עֶנְדֶע מַיין
זָאוַואס עֶרְטְרַאגֶען — אַךְ זָאלְכֶע פְּלַאגֶען
בֶּעסֶער אָה גָאט — שִׁיק מִיר דֶעם טוֹידְט
דֶען אֶהנֶע דִיר — וִויא שְׁוֶועהר אִיז מִיר
שְׁוֶועהר אָהן אַ שִׁיעֶר רַאשֶׁעל רַאשֶׁעל
דוּ בִּיסְט מַיין לֶעבֶּען
רַאשֶׁעל רַאשֶׁעל דוּ בִּיסְט נוּר מַיין
יָא אַלֶעס וֶועל אִיךְ וֶועק גֶעבֶּען
רַאשֶׁעל דוּ זָאלְסְט נוּר מַיינֶע זַיין
אַךְ וִויא אָהנֶע דִּיר בִּין אִיךְ וִויא טוֹידְט
נֶעם צוּ מַיין לֶעבֶּען דִיא גְרוֹיסֶער גָאט
יָא יָא גְרוֹיסֶער גָאט

---

## Nr. 6.

אין פערוואנדלונג צו דער חתונה.

### גראטולאציאָן קאָהר.

**דאמען:** מִיט מַזָל אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה
וֶועה דִיא כַּלָה אִיז נָאךְ נִישְׁטָא
וֶועהט נוּר וֶועהט נוּר אַלֶע וֶוענֶען דָא
יֶענְטֶע צִיפָּה בָּרוּךְ הַבָּא
1) בִּיז זֵיי קוּמֶען צִי,
2) וָואס וֶועל מִיר דָא שְׁטֶעהן,
מִיר וֶועלֶען זִיךְ אַבִּיסֶעלֶע פְרֵייעֶן
אַ יוֹשֶׁר וָואלְט גֶעוֶוען
בְּלֶעבֶּען דָאס אִיז אֶמֶת,
הַאפֶּען אַלֶע אַ גוּט טֶענְצֶעל וֶועהן, יָאה
הַארְצִילִיךְ מַאמִילִיךְ אוֹי אוֹי אוֹי
לִיוּבַּאלִיךְ בָּאבִּילִיךְ ס'אִיז טַאקִי גוּט
אַז גֶעטַאנְצְט טַאנְצְט טַאנְצְט אוֹי, אוֹי
בְּרֶעגֶען זָאל דִיא הוֹיט.

ביסס. (brace over the two lines: הַארְצִילִיךְ … / לִיוּבַּאלִיךְ …)

אַז גֶעטאַנצְט טאַנְצְט טאַנְצְט אוֹי אוֹי
טאַנְצֶען בִּיז אִין טוֹיט.
הַארְצִילִיךְ מאַמִילִיךְ אוֹי אוֹי אוֹי
לְיוּבַּאלִיךְ בָּאבִּילִיךְ סְ׳אִיז טאַקִי גוּט } (בִּיסס)
אֶפְשָׁר מֵיינְט אִיהר מאַנְסְבִּיל נָאר
וַוייל מִיר הָאבֶּען לַאנְגֶע הָאר
אִיז בֵּיי אוּנְז דֶער שֵׂכֶל קוּרְץ אוּן קְלֵיין הַא!
הָאט קֵיין טָעוּת זָאגְט מֶען אֵייךְ
הִילֶען קֶען מֶען גְלֵייךְ מִיט אֵייךְ
אַזַא חָכְמָה קֶענֶען וֵוייבֶּער אוֹיךְ, יָאה!
הַארְצִילִיךְ מאַמִילִיךְ אוֹי אוֹי אוֹי
לְיוּבַּאלִיךְ בָּאבִּילִיךְ סְ׳אִיז טאַקִי גוּט } (בִּיסס)
וֶוען מִיר אַלֶע טאַנְצֶען ווִילֶען
וֶועט אִיהר אוּנְז שׁוֹין נִישְׁט אָנְשְׁטֶעלֶען
הָאפּ הָאפּ הָאפּ אַלֶע.

**מענער:** יִדְעַן, פְרֵייט אֵייךְ
צוּ דֶער שִׂמְחָה גְרֵייט אֵייךְ
מִיר מְקַבְּלִים וֶוענֶען פוּל אוֹיף חַתְנוּת אוּן תְּנָאִים
עֶס וֶועט זַיין פְרֶעהלִיךְ
נָאר כְּיַד הַמֶּלֶךְ,
עֶסֶען טְרִינְקֶען וֶועלֶען מִיר ווִיא דִיא גוֹיִם
דֶערְוַוייל זַייט שְׁטִיל רֶעדְט נִישְׁט פִיעל
שַׁאה צשׁ. צשׁ. צשׁ. צשׁ.

1) ווִיא קֶען זַיין אַ שִׂמְחָה, נוּ

**אלע:** נוּ נוּ טאַקֶע נוּ

2) אַז מִיר מְקַבְּלִים וֶוענֶען נִישְׁט דָא

**אלע:** נוּ טאַקֶע נוּ

3) טאַקֶע נוּר דֶערְפַאר גֶעקוּמֶען
יָאה גֶעקוּמֶען אַלֶע אַהֶער

4) מִיר וֶועלִין הַאבֶּען דָא מְזוּמָן
עֶסֶען טְרִינְקֶען וָואס מֶעהר.

1) מִיר װעלֶען גִיסֶען װײַן.

**אַלע:** אוֹי אוֹי אוֹי

2) אִין אוּנזֶער בּױךְ אַרײַן

**אַלע:** בּױךְ אַרײַן

3) און דֶערצוּ נָאךְ זִינגֶען טַאנְצֶען פֵײַן
מַזָל טוֹב דֶער שֶׁעהנֶער כַּלָה
אוּנזֶער בְּרָכָה יוּדֶען הֶערְט
דֶער זוּוג זָאל נוּר זֵיין, מִמַעֲלָה
דָאס אִיז אִיהם בֶּעשֶׁערְט

**אַלע:** אוֹי אוֹי נוּ נוּ נוּ נוּ
װָאס׳זשֶׁע שְׁטֶעהט אִיהר נָאךְ
טַאנְצֶען גֶעהט אִיהר דָאךְ
אִיהר װֶעט לֶעדִיג דָא גֶעװִים נִישְׁט שְׁטֶעהן.
יָא יָא יָא,
אוֹי אוֹי נוּ נוּ נוּ נוּ
װָאס׳זשֶׁע שְׁטֶעהט אִיהר נָאךְ
טַאנְצֶען גֶעהט אִיהר דָאךְ
אִיהר װֶעט לֶעדִיג דָא גֶעװִים נִישְׁט שְׁטֶעהן.
טְרַאסְקֶן פְּלַאסְקֶן מִיט דִיא לַאפֶּעס
רֵיפּ טִיפּ װִיא קַאצַאפֶּעס
טַאנְצֶ׳ן דָאס קֶענְט אִיהר דָאךְ (בּיסס)
שְׁפְּרִינְגֶען אױךְ
טַאנְצְט ס׳זָאל גֶעהן אַ רױךְ.

**קינדער:** קוּמְט קוּמְט קִינְדֶערְלִיךְ
קוּמְט קוּמְט קִינְדֶערְלִיךְ
קוּמְט נוּר צוּ דֶער שִׂמְחָה (בּיסס)
קוּמְט.

1) גֶעשִׁיקְט אוּנז אַלֶע אַהֶער
אוֹי טְרֶעפְט װֶער הָאט דָאס װָער

**אַלע:** דִיא מַאמֶע
גֶעהט אֵייךְ קִינְדֶער

גֶעהט גֶעשְׁווינְד עֶר זָאגְט דִיא מַאמֶע.

2) וֶוער הָאט מִיךְ וויא אַ פְּרַאנְט
אַזוֹי אוֹיסְגֶעפּוּצְט גַאלַאנְט דִיא מַאמֶע
חַנָה לֵאָה, זָאגְט זִיא, פַּאס אוֹיף
שִׁיךְ און זָאקֶען שְׁלֶעפּ אַרוֹיף
גֶעהט בֶּעזְפִּיעטְשְׁנֶע נַיט סְטַאטֶעטְשְׁנֶע
זָאגְט דִיא מַאמֶע.
אַז מִיר וֶועלֶען גֶעוֶוען שוֹין פֶּערְטִיג
יָאה יָאה יָאה יָאה
זָאגְט זִי צוּ אוּנְז גְרוֹיסְאַרְטִיג
יָאה יָאה יָאה יָאה,
קִינְדֶער ווינְשְׁט מִיר צִי

**אלע:** ווינְשְׁט מִיר צִי

1) זֵייגְט און פְלֶעסְקֶעט צִי

**אלע:** פְלֶעסְקֶעט צִי.

זָאגְט מִיר נָאךְ דִיא בְּרָכָה ווָארְט בֵּיי ווָארְט.

2) **קינד.:** אִיךְ זָאל נוּר דֶערְלֶעבֶּען דִיא גְדוּלָה
פֶּערְקְנַאסֶען מֵיין מִיזִינִיקֶל אֱפִּילוּ
אוּן זֵיי פִיהְרֶען צוּ דֶער חוּפָּה
זָאל דִיא מַאמֶע צִיפָּה
אוֹי פַאר פְרֵייד אִיךְ חָלִיפָה אוֹי אוֹי אוֹי
אָמֵן אָמֵן אָמֵן אָמֵן אָמֵן. } ביסס

---

(איינלאגע ביי דער מוזיק).

דאָס זָאגט מאיר דרייער זאָפּאָרט נאָך דעם קאָהר.

דער שַׂדכָן.

1.

דֶער שַׁדְכָן אִיז אַרָאבּ גֶעשִׁיקְט אוֹיף דֶער וֶועלְט
צוּ גֶעהְן, גֶעהְן און גֶעהְן
און אוּם עֶר זָאל פֶּערְדִינֶען עֶפֶּעס גֶעלְד,
דַארְף עֶר דְרֶעהְן, דְרֶעהְן און דְרֶעהְן.

אִיךְ אַרְבֵּייט אוֹי מִיט אַלֶע כּחות
צוּ פֶערְדְרֶעהֶען גוּט דִי מוּחוּת
אַנְגֶעשְׁפַּארְטֶע מְחוּתָּנִים,
סְ'אִיז דֶען אַזאַ גְרוֹיס וואוּנְדֶער
אַז אִיךְ פַארְהוּנְגֶער מִיט צֶעהן קִינְדֶער
פַאל אוֹיף דֶעם פָּנִים.

רעפריין:
אִיךְ פְלִיה אִיךְ טִיה אִיךְ בְּרִיה פוּן פְּרִיה
בַּאקְלִינְגְן אִין דְרֵייא גַאַרְעַן.
אִיךְ דְרֶעה אִיךְ גֶעה אִיךְ זֶעה אַז צְווֵייא
זָאל אִיךְ צוּנוֹיף פָּארֶען.
מֶע דַארְף פֶערְשְׁטֶעהן צוּ פֶערְדְרֶעהן
אַ הִינְדִיג מִיט אַ קַאץ
אוּן זִיךְ אוּנְגֶעהן בִּיז צוּ זֶעהן
דֶעם לֶעקֶעךְ אוֹיף דֶער טַאץ.

II.

דֶער שַׁדְכָן אִיז אַ מַאשִׁין וָואס טְרֵייבְּט אִיהם דַאמְפְּף
צוּ גֶעהן, גֶעהן אוּן גֶעהן
שְׁטֶענְדִיג מוּז עֶר צוּלִיעב דֶעם לֶעבֶּענְסְקַאמְפְּף
דְרֶעהן, דְרֶעהן אוּן דְרֶעהן
עֶפֶּעס אֵיינֶער מִיט אַ דַאמֶע
שִׁיקְט מִיךְ צוּ אִיהר טַאטֶע מַאמֶע,
אִיךְ זָאל זֵיי בֵּיידֶע צוּנוֹיף דְרֶעהען
דֶער שִׁידֶךְ גֶעהט דַאכְט זִיךְ גְרוֹיסְאַרְטִיג
וְוִי אִיךְ בִּין שׁוֹין אַזוֹי וִוי פַארְטִיג
פַּאקְט דִיא כַּלָה וֶועהֶען.

רעפריין:
אִיךְ פְלִיה אִיךְ טִיה א. ז. וו.

III.

אוֹי בִּיז מִיר דוּכְט זִיךְ אִיךְ מֶעג שׁוֹין זָאגֶען הָאפּ
דַארְף אִיךְ גֶעהן גֶעזִין גֶעהן,
דַארֶען סוּשֶׁען קְוַוארֶען דַארְף מִיר דֶער קָאפּ,
פוּן דְרֶעהן דְרֶעהן דְרֶעהן

שוין געזעהן זיך חתן כלה

איינפערשטאנדען זענען אלע

דאס גאנצע בינטעל מחותנים

עס דארף נאך דזיערען א פאר רגעים

ענטלויפט דיא כלה מיט א שנץ,

אוי פלאמט מיר מיין פנים.

רעפריין:

איך פליה איך טיה א. ז. וו.

---

# דריטער אקט.

**Nr. 7.** ביים סדר, זלמן אין קאהר.

## דער סדר.

**קאהר:** (אהנע ווארטע).

**זלמן:** ברוך אתה ד׳

**קאהר:** ברוך הוא וברוך שמו

**זלמן:** אלהינו מלך העולם
בורא פרי הגפן.

**קאהר:** אמן.

**זלמן:** זעה נור דיין געליעבטעס פאלק ישראל
אויסערוועהלט האסטו אונז פון אמאל
מיר זאלען דיין נאמען אימער פרייזען
אז די ביזט דער איינציגער נאט זיי ווייזען
זאגען אלע פעלקער גרויסער בורא
אנערקענען די מאכט פון דער תורה
נור דיא אונצעהליגע
מצות די היילינע
האלטען אויף דיין פאלק ישראל.

**סאלא אלט:** ותתן לנו ד׳ אלהינו
צום לעבען יאהרען,
א גוטען זכרון
דערצעהלען דיא וואונדער
אויף קינדס קינדער.
את יום.

קאהר
ביסס

**זלמן:** אֶת יוֹם חַג הַמַּצּוֹת הַזֶּה

**ראשעל:** אֶת יוֹם חַג הַמַּצּוֹת הַזֶּה
זְמַן חֵרוּתֵנוּ זְמַן חֵרוּתֵנוּ
מִקְרָא קֹדֶשׁ זֵכֶר לִיצִיאַת מִצְרָיִם

**קאהר:** מִצְרַיִם מִצְרַיִם
ווי פֶערְפְלוּכְט מִצְרַיִם מִצְרַיִם אִימֶער
פַּרְעֹה יִמַּח שְׁמוֹ
יִמַּח שְׁמוֹ וְזִכְרוֹ
פְלוּךְ ווייגען אַנְדֶערְקֶען
דֶעם רָשָׁע דֶעם
אוּנְזֶערֶע אָבוֹת גֶעפְּלַאגְט קֵיין קָאטוֹוֶעס,
גֶעאַרְבַּייט גֶעקְנֶעטֶען אִיהם צִיגֶעל אוּן לֵיים
אָבֶער מִיט מַכּוֹת בֶּאצָאהלְט הָאט גָאט טַאקֶע עֶם
סְ'אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין זֵכֶר פוּן אִיהם.

**זלמן:** אוּן דָאךְ פוּן אַלֶע צָרוֹת אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען
הָאסְטוּ אוּנְז דֵיין פָאלְק גֶעלָאזְט זָאגֶען
כִּי בָנוּ בָחַרְתָּ וְאוֹתָנוּ קִדַּשְׁתָּ
פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער לִיעבֶּער אִיז דִיר יִשְׂרָאֵל
עֶר לֵיידֶעט אוּן גְלוֹיבְּט
אַז נוּר אֵיין גָאט לֶעבְּט,
נָאר דֶערְפַאר הֶעלְפְט אִיהם גָאט אַלֶע מָאהל

(קאָהר — טוטי)

**זלמן:** בָּרוּךְ אַתָּה ד׳

**קאהר:** בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ

**זלמן:** מְקַדֵּשׁ יִשְׂרָאֵל אֶת
וְהַזְּמַנִּים.

**קאהר:** אָמֵן.

---

## Nr. 8. דִיא קַשְׁיוֹת.

(דיא קשיות פרעגט ראשעל).

I.

**ראשיל:** קַשְׁיוֹת נָאךְ אַנְדֶערֶע פְרֶעג אִיךְ הַיינְט
מַה נִּשְׁתַּנָּה וואו אִיז דָאס רֶעכְט

זאג ווארום האט מען דעם יודען פיינט
איז ער דען ווירקליך אזוי שלעכט
קאכט איהם זיין פאטערלאנד דען קיין בלוט
איז ער דען קיין פאטריאט
ווארום איז ער אונטער דעם יאך פון קנוט
ווארום שווייגסטו אונזער גאט
זארגט ער דען ניט פאר זיין קינד און ווייב,
פיהלט ער קיין לייד און קיין שמערץ,
טהוט איהם נישט וועה אז מען שנייט זיין לייב
קלאפט דען אין איהם קיין הערץ.
דער תירוץ איז קלאר. דערוועלבער וויא בעפאר.
קנעכט וועגען מיר נאך היינט.

רעפריין:

קאהר ביסס

יודאלע נישט האב קיין מורה
פאר דיא פרעה'ס פון דער צייט,
דיא וועסט פון זיי נאך ווערען בעפרייט
רעכנען וועט זיך דער בורא
מיט יעדען אנטיסעמיט
אתה בחרתנו ביזטו דאך יוד, יאה יאה

II.

וויא זעגען דיא פראגרעסיווע לייט
וואס האט דיא בילדונג געמאכט פון זיי
זאגט ווארום שטעהן זיי אין א זייט
און פיהלען נישט דעם יודענס וועה,
אין דיזער צייט נאך עלילת דם
אז דער יוד דארף בלוט פאם קריסט.
פערגאסען איז יודיש בלוט שוין א ים
מען פלאגט איהם יעצט נאר אומזיסט
מען מאכט פאגראמען מען ברענט מען רויבט
צערשטערט ווערט דעם יודענס נעסט
וואס ווערען דיא שלעגער נאך געלויבט,
פאר וואס הערט מען קיין פראטעסט.
דער תירוץ איז קלאהר. דערזעלבער וויא בעפאר
קנעכט וועגען מיר נאך היינט. רעפריין. א. ז. וו.

# פירשטער אקט.

## Nr. 9.

דאָס זינגט קאָהר מיט חזן אין שיהל ביים לעטצטען אקט.

קאהר: פִּתְחִי לִי שַׁעֲרֵי צֶדֶק
אָבֹא אָבֹא בָם אוֹדֶה יָהּ
זֶה הַשַּׁעַר לַה׳ צַדִּיקִים צַדִּיקִים
יָבֹאוּ בוֹ יָבֹאוּ בוֹ

אלט: אוֹדְךָ אוֹדְךָ כִּי עֲנִיתָנִי
וַתְּהִי וַתְּהִי לִי לִישׁוּעָה } קאָהר ביסס

טענאר: אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים

קאהר: אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים

אלט: אוֹי אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים
הָיְתָה הָיְתָה הָיְתָה הָיְתָה
הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה

באס: מֵאֵת ה׳ הָיְתָה זֹאת זֹאת זֹאת
הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ

קאהר: הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ
הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ

סאפראן: זֶה הַיּוֹם עָשָׂה ה׳

אלט: זֶה הַיּוֹם עָשָׂה ה׳

טענאר: נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ
זֶה הַיּוֹם עָשָׂה ה׳
נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ

קאהר: אָנָּא אָנָּא ה׳ — הוֹשִׁיעָה נָּא.

ראשעל: יוּדֶעלֶע הָאסְט נִיט קֵיין מוֹרָא
פַאר דִיא פַּרְעֹה׳ס פוּן דֶער צַייט
דוּ וֶועסְט פוּן זֵיי נָאךְ וֶוערֶען בֶּעפְרֵייט
רֶעכֶענֶען וֶועט זִיךְ דֶער בּוֹרֵא
מִיט יֶעדֶען אַנְטִיסֶעמִיט
אַתָּה בְחַרְתָּנוּ בִּיסְטוּ דָאךְ יוּד
יָא יָא.

ביסס יודעלע א. ז. וו.

ענדע דער אָפּערעטע.

---